משה סטרוגאטש

# אויף פליגלען פון צייט

לידער און באַלאַדן

פאַרלאַג: „יידיש בוך"
ניו־יאָרק 1962

די לידער וואָס גייען אַריין אין דעם בוך זיינען געשריבן געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטן, אונטער פאַרשיידענע שטימונגען און פאַרשיידענע אי־בערלעבונגען, דעריבער איז דער אינהאַלט זייערער און טאָן צייטנווייז אויך אַזוי פאַרשיידנאַרטיק און אַנדערשדיק.

מ. ס.

# מיין ליד

I

שווער קומט־אָן מיין ליד מיר שרייבן,
יעדעס וואָרט און יעדן קלאַנג צו קלייבן,
בילדער איינפאַסן אין ראַמען,
ס׳זאָל זיך פּאַסן, ס׳זאָל זיך גראַמען.

שווער קומט־אָן מיין ליד מיר שאַפן,
שורות אויסשמידן אין סטראָפן,
און אין געציילטע קורצע רייען
דיכטעריש אַריינוועבן אידייען.

און ס׳טרעפט אַמאָל, ווען ס׳קומט צום ענד מיין ליד,
בין איך ווי אַ שמידער נאָך דער אַרבעט מיד,
און ס׳ציט צו זיך ווי אַ מאַגנעט
דאָס ווינקענדיקע ווייכע בעט.

נאָר ס׳לאָזט די מוזע מיך ניט אָפּ:
אַ נייער פונק בליצט־אויף אין קאָפּ,
און כ׳פיל זיך ווידער פריש און גרייט
אַ ליד באַלד אָנהויבן אַ צווייט.

ווייל יעדעס ליד איז מיינס אַ קינד,
און ס׳וואַקסט מיט יעדן מיין געזינד —
און כ׳פיל זיך ווי אַ מוטער נאָך די שווערע ווייען,
ווען זי דערזעט זיך מיט איר ניי־געבוירן קינד אין צווייען...

II

ווער עס וואַרפט זיינע ווערטער
ווי שטויב אויפן ווינט —
און איך זוך פאַרצייכענען
מיינע מיט טינט.

פאַר ווענמען דאָס וואָרט איז
ווי קליינגעלט ביים גביר —
און איך טו עס צירקלען
אויף בויגן פּאַפּיר.

שטעלן די ווערטער
זיך אויס אין אַ ריי —
ליכטיקע שורות
זיך וועבן פון זיי.

שטעלן די שורות
זיך אויס אין אַ ריי —
און גאָלדענע פערזן
זיך שמידן פון זיי.

וואַקסן די פערזן:
אָט איינס און אָט צוויי —
ווי ביימער אין גאָרטן
פאַר פרילינג פאַרזיי.

באַהויכט זיי מיין אָטעם
מיט מאָרגן-טוי שפּריי,
שפּראָצן בלימלעך אַרויס
ווי אין בלומען-אַליי.

אַזוי וואַקסט מיין ליד אויס
פון פשוטן וואָרט:
האַרמאָניע און שיינקייט
צוזאַמענגעפּאָרט.

אַזוי וואַקסט מיין ליד אויס
פון פשוטן וואָרט —
און ביידן דערהויבט אונדז
צו אַ בכבודן אָרט...

# טעג אומפאַרגעסלעכע

קיינמאָל וועלן מיר די טעג יענע פאַרגעסן,
וועמעס גייסט טוט היינט נאָך אין דער לופטן שוועבן ,
ווען גרייט איז יעדערער געווען און מוט באַזעסן
אָפּצוגעבן אינם קאַמף אָן קווינקלעניש זיין לעבן.

עס זיינען טעג געווען אַזעלכע, אָנגעלאָדענע מיט צאַפּל און מיט ציטער,
ווען אויף דער וואָגשאָל איז געהאַנגען שיקזאַל פון דער וועלט,
ווען יעדנס ווילן האָט געדאַרפט זיין שטאָל געשמידטער,
און יעדער איינער — נאָך געוואַגטער פון אַ העלד.

רייך זיינען די טעג יענע געווען אין העלדנמוט און אייפער:
וואונדער גרויסע זיינען יענע טעג געשען! —
זאָל-זשע כאָטש איין קליינעם בליץ פון זיי לזכר
פאַרצייכענען מיין שוואַכע שטילע פען.

# לידער פון קאַמף און פון קריג

לידער פון קאַמף און פון קריג,
לידער פון צער און צאָרן —
אויף אייביק פאַרצייכנט מיט בלוט,
אויף אייביק פאַרקריצט אין זכרון.

לידער פון קאַמף און פון קריג,
לידער פון גרויליקע יאָרן —
אין בלוטיקע שרעקלעכע טעג,
אין שלאַפלאָזע וויי־נעכט געבאָרן.

לידער פון קאַמף און פון קריג!
לידער פון דורכפאַל און זיג! —
פאַרצייכנט פאַר דורות פון שפּעטער
די הערלעכע העלדישע בלעטער.

פאַרצייכנט די טעג אָן אַ צאָל,
ווען געקעמפט האָט אַ דור וואָס פון שטאָל —
פאַר דורות וואָס נאָך ניט געבאָרן,
יענע טעג זאָלן ניט ווערן פאַרלאָרן.

# גרויסע טעג

גרויסע גורלדיקע טעג!
אַנגעלאָדענע מיט אויפגעברויז פון וועלטן!
ווען זיילן פון אַ סדר איינגעשטעלטן —
אַ דורותדיקן אַלטן —
וואַקלען זיך און האַלטן זיך אין שפּאַלטן.

גרויסע גורלדיקע טעג!
איך ווייס: עס ווערט אין אייך
אויך מיין גורל באַשלאָסן.
נאָר כ׳טרוי אָן וואַקלעניש זיך אָן
און שטעל זיך אונטער אייער פּאָן,
און שפּאַן מיט אייך אין האַנט געשלאָסן.

גרויסע גורלדיקע טעג!
איך גיי אָן ציטער אייך אַנטקעגן
און טרוי אייך אָן מיין איינציקן פאַרמעגן —
מיין גלויבן און מיין האָפן אינם לעבן.

איך ווייס: איר וועט מיר זיכער געבן
נייע שעה׳ן פול מיט שווערע זאָרגן
און ניט פירן דורך קיין וועג קיין אויסגעפלאַסטערט-גלאַטן;
נאָר כ׳ווייס אויך:
איר וועט מיין גלויבן ניט פאַרראַטן
און ברענגען מיך
צו אַ זיכערן און נייעם מאָרגן.

# וויזיע

איך לעב ניט מיטן טאָג,
מיט שרעק אין יעדנס אויגן:
יעדן אויפציטער און שאָרך
געמאָסטן און געוואויגן.

איך לעב ניט אינם שפּאַן
פון אַ פּוס געטראָטן,
און צאַם ניט איין מיין בליק
אין דעם אייגן שאָטן.

איך ווענד מיין בליק צום באַרג,
וואו שפּיץ אין הויכן טורעמט,
וואו זון אין העלער פרייד
דעם טאָג דעם נייעם פורעמט.

און דאָרט אין גאָלדן ציטער,
אין אויפגעשטראַלטער פרייד,
אַ בלויער האָריזאָנט זיך וויקלט,
ליכטיק-העל זיך שפּרייט.

און דאָרט עס רוט מיין בליק
אין לויטערן פרימאָרגן:
כ'פאַרגעס דעם גרויען היינט
און זע דעם נייעם מאָרגן.

# טרייסט און האָפנונג

אין טעג פון שרעק און אומרו,
אין נעכט פון צער און פיין,
ווען ס׳מאַטערט די פאַרצווייפלונג:
וואָס וועט מאָרגן זיין?

ווען ס׳טראָגן זיך געפאַרן
און לויערן אויף ערד,
און דראָענדיק זיי הענגען
ווי דאַמאָקלס שווערד;

ווען ס׳קען דער אויסברוך קומען
יעדע שעה, דו ווייסט,
און פאַרצווייפלט זוכסטו
ערגעץ-וואו אַ טרייסט — —

ווענד דיין בליק צו זיך אַליין
אין יענע צאָרנדיקע טעג,
און אין אייגן גייסט און מוט
זוך דיין הילף און וועג.

ביסט ניט איינזאַם און אַנטוואָפנט,
ביסט אַ טייל פון גרויסן כלל:
ס׳איז די וועלט דיין ברודערשאַפט,
און וואָפן איז — דיין אידעאַל.

און אין טעג פון שרעק און אומרו,
און אין נעכט פון צער און פיין,
ווען עס דאַכט זיך אין פאַרצווייפלונג:
אויסגעלאָשן ז׳יעדע שיין — —

שעפּ-אָן נייעם מוט און גלויבן
פון יענעם גרויסן, טיפן קוואַל —
און אויפלויכטן עס וועט אין נאַכט פאַר דיר
אַ נייער העלער האָפנונגס-שטראַל.

# ווֶעמעס שולד?

אַזויפיל העלע, פינקלענדיקע שטערן! —
ס׳וואָלט פון יעדן איינעם אַ וועלט אַ גאַנצע געקאָנט ווערן!
אַזויפיל קינדער שפּילן זיך אין גאַסן —
פון יעדן איינציקן אַ ליד מען וואָלט געקאָנט פאַרפאַסן.

אַזויפיל מענטשן אויף דער ערד — ווי זעמדעלעך מיליאָסן —
איינגעטיילט אין הויך און נידעריק, ווי באַרגיקע טעראַסן,
איינגעטיילט אין פעלקער און אין ראַסן,
וואָס ווערן אויפגעהעצט צו פירן קריג און אייביק נאָר זיך האַסן.

און אַזויפיל מענטשן בלאָנדזשען הונגעריקע אום אין גאַסן,
ווען ס׳ברעכן זיך די שייערן פון אָנגעזאַמלטע זאַפּאַסן;
אַזויפיל זון פאַר מילדקייט און פאַר שפּאַסן —
און דאָך אַזויפיל בייזקייט און שנאה צווישן מאַסן.

איז ווער האָט אויסגעטראַכט די ווילדע משוגעתן?
און אָנגעשטעקט די ערד מיט אָט די קלעפּיקע חולאתן? —
אַז שטערן אָנשטאָט פינקלען זאָלן לעשן זיך און בלאַסן,
און מענטשן אָנשטאָט ליבן — זאָלן אוממענטשלעך זיך האַסן?...

# גאָלד־מטבעות

**פ אַ ב ל**

אויסגעפּוצטע גאָלד־מטבעות — קײלעכדיקע, גלאַטע,
אָנגעלאָדענע מיט װאָילטאָג — בײכלדיקע, זאַטע,
ליגן רחבותדיק און ברײט
אויף טישן אויסגעלײגט, צעשפּרײט,
און גדלות׳דיק זײ רופן:
עס איז דאָ אויף װאָס צו דופן!
אַלע טירן פֿאַר אונדז אָפֿן,
אַלע װײנען, אַלע שטאָפּן,
קײן געזעץ און קײן שום שטראָפֿן —
קענען מיר זיך רואיק שלאָפֿן:
ס׳היט דאָס לאַנד אונדז מיט זײן װאָפֿן!
אונדזער רײך טוט ציען, מאַניען,
קײנער פֿרעגט ניט: װי? פֿון װאַנען?
ס׳מאַכט ניט אויס אויך: װי און װאו —
ס׳געװיסן שטערט ניט אונדזער רו.
ס׳איז די שיף שױן לאַנג געזונקען,
די מאָראַל מיט איר דערטרונקען —
הפקר איז די װעלט און פֿרײ!
אויף װאָס דו װילסט נאָר טרעט און שפּײ!
מיט אונדזער װאָג, מיט אונדזער מאַכט
געהערט צו אונדז דער טאָג, די נאַכט,
קענען מיר אויף אַלצדינג טרעטן —
אונדזער גאָלד װעט אַלץ פֿאַרגלעטן.
ס׳װעט ניט העלפֿן קײנעמס שרײען —
הפקר איז: לית דין, לית דין...

שטײען אין אַ זײט אַזױ, פֿאַררוקטע אין אַ װינקל,
מטבעות אײנפאַכע, אָן יחוסדיקן שפּרינקל,
פֿאַרעלטערט און פֿאַרשװאַרצט פֿון בײטן טױזנט הענט —

אַז קוים וואָס זייער פּנים שוין עמעצער דערקענט.
שטייען זיי און הערן איין זיך צו דעם הפקרשן געלעכטער:
אַז ווער עס האָט די מאַכט — דער איז דער גערעכטער.
און כאַטש ניט וועלנדיק מיט די יחסנים אַריין אין אַ דיספּוט,
האָט דאָך זיך ניט פאַרשווייגן זיי פאַרט געוואָלט אין דער מינוט.
(קענטיק, אַז עס האָט אַרויסגערעדט פון זיי דער האַס
צו אַ פאַראַכטעטן פּוסט-גאַווהדיקן קלאַס).

— איר הערט, אַזאַ מין חוצפּהדיק באַרימעריי!
מען זאָל זיך רימען גאָר מיט רויבעריי!
אַרויסשטעלן די שאַנדע פאַר אַ פּאַן
און פאָדערן דערפאַר פאַר זיך דעם אויבן-אָן!
און האָט איר דען געהערט אַזאַ מין זאַך,
ווי אַרויסשטעלן פאַרברעכן פאַר אַ שבח,
און זיכער זיין, אַז אָפּגיין וועט עס ניט נאָר גלאַט,
נאָר כבוד נאָך פאַרלאַנגען פאַר דער געמיינער טאַט?

— איז הערט-זשע אויס, איר פּעטע בייכלדיקע לייט!
ווייסן זייט, אַז גאָר נישט ווייט איז שוין די צייט,
ווען אייער גאָלדן גלאַנץ וועט אויפהערן צו ציען
און מאַכן מענטשן צו בויגן זיך פאַר אייך און קניען.
אויפגעדעקט וועט ווערן אייער נישטיק ווערט,
וואָס האָט דעם מאַרך פון מענטשן יאָרן-לאַנג געצערט,
וואָס האָט דעם מענטשנס לעבן פאַרפינצטערט און פאַרוויסט
און ברודער קעגן ברודער נאָר אויפגערייצט אומזיסט,
און אויסגעטיילט פאַר אייך וועט ווערן —
אַ פלאַץ אין הויף דאָרט אויפן מיסט...

— צו קליין אפשר וועט זיין די אויסגעטיילטע שטראָף,
נאָר סיי-ווי וועט עס מיינען — אייער ענדגילטיקן סוף...

# אין שווערע טעג

## (פון די מלחמה־יאָרן)

I

ניט אומגיין חושכדיק, פאַרצווייפלט און פאַרטרויערט,
און ציילן אַלע שפּאַלטן פון וועלכע שונא לויערט!
נישט נאָר אויל קאַווקאַזער איז דעם שונאס הייסער ציל,
נאָר אויך ד אָ ס — איז אויף וואָס ער האָפט און וויל.

געווים איז שווער איצט פריילעך זיין און לאַכן,
און נאַריש איז אויף דער געפאַר די אויגן צו פאַרמאַכן,
נאָר עס וועט דאָס אומשפּאַנען איבערן צימער הין־און־צריק
נישט דערמעגלעכן און נישט דערנענטערן דעם זיג.

עס איז קיין צייט איצט נישט פאַר פּילפּלען זיך און דיסקוסירן,
און וועגן מעגלעכקייט פון דורכפאַל אָדער זיג:
מיר טאָרן ניט דורך דעם קיין איין מינוט פאַרלירן,
קיין איין סעקונדע ניט אַפילו פון אונדזער אַרבעט אין פאַבריק.

ס'טראָגן שונאס מחנות זיך ווי רויב־פויגל פון ווייטן,
און זיינע טאַנקען־רייען זיינען שטאַרק־געדיכטע —
נאָר ס'איז ניטאָ קיין קראַפט ס'זאָל קענען בייטן
דעם אָנגעמערקטן גאַנג פון דער געשיכטע.

## II

נישט קאָפּ אַראָפּלאָזן, ניט מוט פֿאַרלירן!
עס זאָלן שונאָס זיגן קיינעם ניט פֿאַרפֿירן! —
באַטריגעריש און אומזיכער ז'דער גאַט פֿון קריג
און ס'וויגט זיין וואָגשאָל־צינגל זיך אַהין־און־צריק.

עס האָבן פֿעלקער זייער וועג אין לעבן שוין געפֿונען
און רעכט פֿאַר זיך און פֿרייהייט דורך שווערן קאַמף געוואונען,
און ס'גייט פֿאַר זיי די צוקונפֿט ווי אַ העלער זייל,
באַלויכט דעם וועג פֿאָראויס אויף טויזנט מייל.

און זאָל דער שונא זיך אין האַלדז זיי איינבייסן —
ער וועט זיין קאָפּ פֿון דאָרט שוין ניט אַרויסרייסן:
דער בים וועט פֿאַלן ווי אויף האַרטן שטיין
און אייניצקווייז צעקרישלען זיינע שאַרפֿע ציין.

ס'קען חוצפּה שונאָס קיינעם מער דערשרעקן,
נאָר נייע קראַפֿט אין יעדערן דערוועקן,
און אויפֿברויזן אין אויפֿשוואונג נייעם
כוחות מעכטיקער פֿון שונאָס נייעסטע כל־זין.

אין טעג אַזעלכע צאַפּלדיקע, אָנגעלאָדענע און שווערע,
ווען הפֿקר איז דאָס לעבן פֿאַר פֿרייהייט און פֿאַר ערע,
זאָל יעדער צולייגן צום קאַמף זיין ערלעך האַנט —
און שונאָס סוף איז אָנגעשריבן אויף דער וואַנט.

# ערשטער מאַי — 1942

נישט קיין אויסגעפּוצטע היינט איבער שטאָט און גאַסן וועלן מיר מאַרשירן,
נאָר וואָס מער עראָפּלאַנען, טאַנקען און האַרמאַטן פּראָדוצירן;
נישט אין יום־טובדיקע קליידער איבער סקווערן פּאַראַדירן,
נאָר ביי דער מאַשין אין שאַפּ אונדזער אייניקייט מושטרירן.

נישט קיין פאָנען, טראַנספּאַראַנטן וועלן אין דער זון היינט שעמערירן,
נאָר מיט סטענגעס נייע קוילן וועלן מיר דעם טאָג באַצירן,
און אָן אָפּשטעל וועט די ראָד ווי אַלע טאָג זיך דרייען,
און נייעם וואָפן וועט אַראָפּוואַרפן קאָנווייער.

און מוטיקער דעם טאָג די זין אונדזערע וועלן עראָפּלאַנען פירן
און אויף די פערד אין שלאַכט נאָך שנעלער גאַלאָפּירן,
און נאָך טרעפלעכער דעם טאָג אין שונאס ברוסט זיך צילן,
ער זאָל די קראַפט און האַס אונדזערע שטאַרקער נאָך דערפילן.

עס איז קיין צייט איצט ניט פאַר שטימונגען און פאַר פּאַראַד־געפילן,
נאָר אָנשטייפן די הענט און אָנשטאַלן דעם ווילן,
— אין טאַנק און עראָפּלאַן פאַרוואַנדלען אונדזער קראַפט און צאָרן
און זיכער איז דער זיג, און שונא איז פאַרלאָרן.

נישט קיין אויסגעפּוצטע היינט איבער שטאָט און גאַסן וועלן מיר מאַרשירן:
עס איז אַ שאָד אַ ווײַלע, אַ שאָד אַ רגע צו פאַרלירן;
— אין שאַפּ און אין פאַבריק זאָל מיט אונדזער אַרבעט זידן
מפּלה פאַרן שונא און זיג פאַר זיך צו שמידן.

# א י י נ י ק י י ט

איבער לענדער, שטעט און גאַסן
טראָגט דער רוף זיך פון די מאַסן:
אייניקייט! אייניקייט!
אָפּגעווישט די אַלטע שטרייטן,
אייניקייט זאָל זיי פאַרבייטן —
אייניקייט! אייניקייט!

אידן, טאַטערן, קאָזאַקן,
כינעזער, רוסן און פּאָליאַקן —
בונד פון קעמפנדיקע ראַסן!
דורך אַ שבועה זיך פאַרפליכטן
אויסצוראָטן און פאַרניכטן —
די וואָס פריידיקן נאָר האַסן.

אידן, מאַכמעדאַנער, קריסטן,
גלויביקע און אַטעאיסטן —
אָפּגעמעקט דער צאַם פון גלויבן!
און מיט גליענדיקן צאָרן
אין נקמה־דורשט געבאָרן —
אַלע זיך צום קאַמף דערהויבן!

ענגלאַנד, רוסלאַנד, פּאַלעסטינע,
אַמעריקע, איראַק און כינע —
ס'איז דער פיינט דאָ איינער!
איז אין קאַמף זיך אַלע וואַרפן
מיט אַ האַס אַ גליאיק־שאַרפן —
און צעשמעטערן דעם שונא!

קאָמוניסטן, ציוניסטן,
קליינבירגער און סאָציאַליסטן —
פאַרן שונא: אַלע אידן!
איז פאַרווישט די אונטערשידן
און אַ קאַמפּס־פראָנט אַ סאָלידן
לאָמיר קעגן אים איצט שמידן!

# אונדזער ענטפער

ברידער פון יענער זייט ים,
ברידער פון העלדישן לאַנד —
צו אייך פונם אייגענעם שטאַם
מיר שטרעקן אַ ברידערלעך האַנט.

מיר האָבן פאַרנומען דעם רוף,
קלאָר אייער ווענדונג געהערט,
געפילט יעדן צאַפּל פון גוף,
די מעכטיקע שטים: צום געווער!

און איצט אונדזער ענטפער צו אייך
מיר שיקן אויף כוואַליעס פון לופט:
אַלע מיר גרייט זיינען גלייך
אין ט אַ ט צו פאַרוואַנדלען דעם רוף.

מיר זיינען איצט דאָ אינם לאַנד
נישט דאָס, וואָס געקומען אַמאָל:
אַ מוסקול האָט יעדערנס האַנט
און זיכערקייט — יעדערנס קול.

ניט פּרושים אין קלייזלם פיר ווענט,
מיט אוי'ען און ווײ'ען אָן צאָל —
ביי שמעלץ־אויוונס אַרבעט עס ברענט,
אין בויגן פאַרהאַרטעוועט שטאָל.

ניט שמאַטעס פאַרבונדן מיט שטריק,
און מוטלאָז אין יעטווידן ריר —
נאָר יונגען מיט שטאָלץ אינם בליק
אין העלדישן זעלנער־מונדיר.

ניט מרדכים מיט אַש אויפן קאָפּ,
געזונקען פאַרצווייפלט צו דר'ערד —

נאָר מונטער אין שנעלן גאַלאָפּ
אויף ברויזנדע הירזשענדע פערד.

ניט אידן מיט פּריצים געגנאָד,
וואָס וואַרטן אויף וועמענס געשאַנק —
נאָר יונגען וואָס לייכט, ווי מיט שפּאָט,
זיי טרייבן אַ שטאָלענעם טאַנק.

און פליט־וואו אין ווייט ערגעץ הויך
אַ מעכטיקער קאַמף־עראָפּלאַן,
קענט זיכער איר זיין, אַז דאָרט אויך
אונדזערס אַ קינד איז פאַראַן.

און שווימט ערגעץ־וואו אום אַ שיף,
אַ שטאָלענע יאָג־סובמאַרין,
זייט זיכער, אַז דאָרט אין דער טיף
געפינט זיך אַ מאיר לעווין.

און איצט אינם גרויסן מאָמענט,
ווען גורל פון וועלט ווערט באַשטימט,
מיר וועלן ניט אָפּשטיין פאַרשעמט,
נאָר פלאַץ זיך מיט ערע פאַרדינט.

— — — — — — — — — — — —

מיר האָבן דעם רוף איצט געהערט,
באַנומען מיט שטאָלץ און מיט פרייד,
און מיר ענטפערן אייך: צום געווער? —
יאָ, מיר זיינען גלייך גרייט!

# דער פיין פון מיינע ברידער

מיט ווייטאָקן איז פול דער טאָג, מיט צער מיינע לידער,
נאָר טויזנטפאַך איז גרעסער דער פיין פון מיינע ברידער:
עס טראָגט דער ווײ־געשריי זיך זייערער צום הימל הויך,
ווי ס׳גייט־אויף פון מזבח דער קרבן אין זיין רויך.

ס׳איז ניט קיין בייזער חלום, נאָר ס׳איז די וויסטע וואָר,
אַז ס׳הענגט דאָס לעבן אונדזערס ווי אויף אַ דינער האָר —
און ס׳האָט די האָר זיך איצט איבערגעריסן,
און טייכן בלוט אונדזערע גיסן זיך און פליסן.

אפילו נישט ס׳געוויין פון יתום און אַלמנהס קול,
מען טרעפט נישט דעם פאַרשטומטן שווייגן פונם אַלמן —
אין שטעט אַ סך ז׳געבליבן בלויז אַלס זכר פון אַמאָל
דער הינטערשטאָטישער געשענדעטער בית־עלמין.

ס׳איז שטום דער אויסגעשריי און חוזק איז דער צער —
ס׳איז גיהנומשער געלעכטער, טייוולאָנימשער קאַשמאַר,
ווען מענטשן ווערן ווי די שאָף צום שחיטה־פּלאַץ געטריבן
און קברים זיך אַליין זיי גרייטן, און גראָבן זיך די גריבער.

ניט קיין לעמער בלעקן, עס שרייען ניט קיין רינדער —
דאָס וואַרפן אום זיך ניט דערשאָכטענע מאַמעס מיט די קינדער:
מאַמעס טוליען זיי צום ברוסט צום לעצטן מאָל —
און פאַרשטומט אויף אייביק ווערט שוין זייערביידנס קול.

נישט קיין וויצן־פעלדער פאַליען זיך אין גאָלד־קאָליר און בלומען,
נישט קיין קאָרן רייפער שטייט געבונדן שוין אין גאַרבן —
דאָס וויל דער טויט צו לעבעדיק־באַגראָבענע ניט קומען,
וואָס וואַרפן אום זיך אין אַגאָניע און קענען אַלץ ניט שטאַרבן.

נישט קיין כוואַליעס שלאָגן זיך אין ברעגן, לעקן זיי און שווענקען,
וואַרפן זיך מיט אימפעט, צעשפריצן זיך ביים ראַנד —
זקנים גרויע אויף די לאָמפּן־סלופּעס הענגען,
טעכטער אידישע — געטריבן צו דער שאַנד.

— — — — — — — — — — —

מיט ווייטאָקן איז פול דער טאָג, מיט צער מיינע לידער,
נאָר טויזנטפאַך איז גרעסער דער פּיין פון מיינע ברידער:
עס טראָגט דער ווײ־געשריי זיך זייערער צום הימל הויך,
ווי ס'גייט־אויף פון מזבח דער קרבן אין זיין רויך...

# ארץ, אַל תכסי דמי...

אָ, ערד, זאָלסט מיין בלוט ניט פאַרדעקן! —
דאָס בלוט פון פאַרשטומטע אין טויט;
ניט איינזאַפּן זאָלסטו די פלעקן,
וואָס שרייען פון דיר גלוטיק־רויט.

ניט איינזאַפּן זאָלסטו די פלעקן,
וואָס ברויזן מיט צאָרן און וואוט;
די טראָפּנס זאָלסטו ניט פאַרמעקן,
דעם זכר פון טייכן מיט בלוט.

דעם זודיקן גלוט פון געפילן,
וואָס ערשט נאָכן שווידער־געשעכט,
וואָס צאַפּלט און קאָן זיך ניט שטילן,
און מאָנט נאָר נקמה און רעכט.

אָ, ערד, זאָלסט מיין בלוט ניט פאַרדעקן,
מיין בלוט, וואָס אויף דיר איז פאַרשפּריצט —
אויף אייביק זאָלן בלייבן די פלעקן
פאַר הימל און זון אויסגעקריצט.

ס'זאָל שטעכן די מענטשן די אויגן
און טייטלען מיט שאַנדע און שפּאָט:
אָט דאָס איז דער הייליקער גלויבן
פון אייער געווּיסן און גאָט!

אין טריבע פאַרצווייפלטע זאָרגן
פון פינסטערער פעך־שוואַרצער נאַכט,
אין ראַזאָוון שיין פון פרימאָרגן
צום טאָג צו דעם פרישן דערוואַכט;

אין שאַל פונם שרעקנדן שופר,
וואָס רופט צום פאַרניכטנדן קריג,
אין פעסט פאַרן העלדישן אייפער,
באַלויכטן מיט רום פונם זיג —

מיר זיינען דאָך שטענדיק דער קרבן
פאַר זינד און פאַר העלדישן מוט,
פאַרלאָשן נאָך יעטווידן חורבן
דאָס אַש ווערט מיט אונדזערע בלוט — — — —

אָ, ערד, זאָלסט מיין בלוט ניט פאַרדעקן,
דעם צייכן פון ווילדן געיעג:
— אויף אייביק זאָלן בלייבן די פלעקן —
אַ זכר פון גרוילהאַפטע טעג.

# דער גרויסער יום־טוב

ווערט דאָס זיין אַ שמחה!
ווערט דאָס זיין אַ פרייד!
בערג און טאָלן וועלן טאַנצן,
פישן — זינגען שטומערהייט.
און מיר אידן גלייך מיט אַלע,
שייך זאָגן פרייען! —
פון דער פרי ביז ביינאַכט,
אַזש קאָפּ וועט זיך פאַרדרייען.

ווערט דאָס זיין אַ שמחה,
אַ פרייד אַזאַ צעהעלט! —
אַרויסשטראַלן פון שטיינער,
אַרומכאַפּן די וועלט.
און אידן צווישן אַלע
אויף דער גאַנצער ערד:
קינדער אין די וויגן,
אידן עלטערע מיט בערד.

און פעלקער וועלן טאַנצן
איבער אַלע גאַסן —
ווען מען וועט עס אָנגיין:
ווער — פון וועלכע ראַסן?
און אידן איבער אַלע
גרעסטע מחותנים!
אַ קלייניקייט — אַ שמחה:
באַגראָבן אַלע שונאים!

און וואָס געוועז — שוין לאַנג פאַרגעסן:
ס'איז נישט דאָס דער עיקר!
צי פון וויין, צי פון פרייד —
ס'איז יעדער איינער שיכור!
און אידן וועלן אָפּגעבן
יעדן איינעם שלום:
ס'איז אויף אייביק שוין פאַרשוואונדן
י ע נ ע ר  ווינטער חלום!

# עראָפּלאַנען

.1

ערעאָפּלאַנען, עראָפּלאַנען — מענטשנס אַלטער טרוים!
שוואַרץ פון אייך דער הימל, פול מיט אייך דער רוים!

טראָגט איר זיך אין לופטן מיט רייצנדיקער פּראַכט,
שניידט איר דורך די וואָלקנס, רייסט איר דורך די נאַכט.

פליט איר אין דער לופטן נאָך שנעלער ווי די באַן:
טויזנט מייל אַ שטונדע, הונדערט מייל אַ שפּאַן.

יאָגט איר זיך מיט אימפּעט ערגעץ־וואו פאַרשייט,
ווערט איר שנעל פאַרשוואונדן אין דער טיפער ווייט.

.2

עראָפּלאַנען, עראָפּלאַנען — וואונדער פון דער צייט!
זאָגט מיר אייער ריכטונג, זאָגט מיר ווער איר זייט?

פירט איר וואו געווערן צו אַ ווייטן פריינט?
אָדער איר זייט ווערקצייג אין די הענט פון פיינט?

זייט איר פול באַלאַדן מיט פּרוכטן, ברויט און וואָל?
אָדער גאָר פאַר פיילן איר טראָגט גיפט און שטאָל?

טראָגט איר אויף די פליגל — מענטשן גליק און פרייד?
אָדער ס׳ליגט באַהאַלטן טויט אין אייער שייד?

.3

טראָגט איר אויף די פליגל גליק און פרייד דעם מענטש —
דאַן שיק איך אייך מיין ברכה, בעט פאַר אייך און בענטש.

און אויב גאָר צער און אומגליק איר טראָגט אין אייער בויך,
דאַן שיק איך אייך מיין קללה אַהינצו אין דער הויך,

און ווינטש איר זאָלט פאַרלאָרן גיין אין טיף ערגעץ פון ים,
אָדער אויפגיין זאָלט אין פייער — צעשאָסן פון אַ פלאַם.

.4

עראָפּלאַנען, עראָפּלאַנען — זאָגט מיר אייער צוועק!
איך קוק אויף אייך מיט וואונדער — און גלייכצייטיק מיט שרעק!

# מיין צייטונג

איך לייען מיין צייטונג:
קליין אין פֿאָרמאַט —
נאָר אַלץ אַזוי זאַכלעך,
פּשוט און גלאַט.

ווינציק אין זייטן,
קוקט־אויס אַזוי דין —
נאָר פֿול יעדע שורה
מיט אינהאַלט און זין.

אָרעם אין מיטלען
און מאָגער אין געלט,
נאָר טרײַשאַפֿט און ליבע
איר קיינמאָל ניט פֿעלט.

די מאַסן די ברייטע
פֿון פֿאָלק — איר פֿאַרמעג,
זי פֿירט זיי און לערנט
און ווייזט זיי דעם וועג.

זי טראָגט הויך די פֿאָן,
בויגט קיינמאָל דעם שטאַנג —
זאָל לעבן מיין צייטונג,
זאָל לעבן נאָך לאַנג!

וזיק פון לואי סטילמאַן

ICH LEIN UN LEIN ~~UN~~ LEIN MAIN TSAI-TUNG FUN KLEIN IZ IR FAR-MAT NOR CHOTSH
ALTS NOR ALTS A - ZOI ZACH-LECH PO-SHET UN GLAT VIN-TSIK IN ZAI-TN
KUKT OIS A-ZOI DIN NOR FUL YE-DE SHU-RE MIT IN-HALT UN ZIN NOR
FUL YE-DE SHU-RE MIT IN-HALT UN ZIN

ICH LEIN UN LEIN UN LEIN MAIN TSAI-TUNG FUN KLEIN IZ IR FAR MAT NO: CHOTSH
ALTS NOR ALTS A - ZOI ZACH-LECH PO-SHET UN GLAT O-REM IN MIT-LEN UN
MO-GER IN GELT NOR TRAI-SHAFT UN LI-BE IR KEIN MOL NIT FELT NOR
TRAI-SHAFT UN LI-BE IR KEIN-MOL ~~NIT~~ FELT

DI MA-SN MA-SN MA-SN BREI-TE FUN FOLK IZ IR FAR-MEG ZI
FIRT ZEI FIRT ZEI UN LE- RNT, UN VAIZT ZEI DEM VEG ZI TROGT HOICH DI
FON UN BOIGT KEN MOL DEM SHTANG ZOL LE-BN DI FRAI-HAIT ZOL
LE-BN GOR LANG ZOL LE-BN MAIN TSAI-TUNG ZOL LE-BN GOR LANG

# METAMORPHOSIS

## באַלאַדע

.1

אין ווייט
פון דער צייט
בין איך רואיק געגאַנגען,
שטיל,
אָן אַ ציל,
און אָן ברייטע פאַרלאַנגען;
גלייך
ווי אַ טייך,
נאָר אָן ווייטקייט פון שטראָם,
אָן גים
— אין געפלים
ניט קיין באַרג, ניט קיין תהום.

.2

אַ טייך
האָט אַ ברעג
און די וועלט
האָט איר וועג,
און איך מוז מיט אים
בלויז נאָר גיין;
פון ברעג
גייט אַ שיף,
און דער וועג
— ציט זיך טיף
צו וואָס אָבער אַלץ דאָס
פאַרשטיין?

.3

דער ים
האָט קיין צאָם,
די ברייט
ליגט צעשפּרייט,
און גרוים איז די ליכט פון
דער זון;
וואוהין
קומט אַהין
דער טאָג וואָס פאַרגייט?
ווער מאַכט,
אַז די נאַכט
זאָל שוואַרץ זיין פאַרשפּרייט?
אין מאָרגן
פאַרבאָרגן
אי ליידן,
— אי פריידן
צי מעג מען גאָר טראַכטן
דערפון?

.4

עס ווערט
ווער עס קלערט
ניט רייך און ניט קלוג,
עס ברענגט
דעם ווער ס'דענקט
נאָר ווייטאָג, באַטרוג;

עס דאַרפֿן
זיך שאַרפֿן
די מוחות און קלערן,
נאָר די
וואָס אין מי
ווילן אַלצדינג דערקלערן:
טייכן
פֿאַרגלייכן
אין מעסטן אין שווערן,
ציילן
און טיילן
אין הימל די שטערן.

.5

אַזוי,
קינדיש־רוי,
איז די צייט זיך געלאָפֿן —
אָן טרוים
און אָן שוים
אין דער ווייט פֿון אָן־סופֿן;
אין בלייך
פֿונם ווייך,
אינם נעבל פֿון שלאָפֿן;
אָן באַנג
אין פֿאַרלאַנג,
אָן אַנטווישונג און האָפֿן.

.6

גלאַט
ווי אַ בלאַט
זיך געצויגן דאָס לעבן:
אָן באָרגן,
אָן זאָרגן,
אָן נעמען, אָן געבן;
אָן בענקשאַפֿט
אָן זוכן,
אָן בענטשן
אָן פֿלוכן,
אָן דראַנג
אינם גאַנג
און אָן ווייטקייט אין שטרעבן.

.7

געדאַכט זיך,
געטראַכט זיך:
עס וועט
ווי אַ ברעט
אויפֿן טייך
שווימען גלייך
דאָס לעבן באַזאַכט;
געדאַכט זיך,
געטראַכט זיך
און גאָרניט פֿאַרדאַכט,
אַז קומען וועט יענע
די שטורמישע נאַכט.

.8

אין קראַמף
און אין קאַמף
און אין שווערע יסורים,
אין נאַכט
האָט מיט מאַכט
זיך צעקראַכט
ווילד אַ שטורעם;
צעוועקט
און צערעגט

און צעוואָרפֿן
אַ שרעק,
אין האַסט
האָט צעכראַסט
אי די פֿלאַך,
אי דעם דעק.
צעקערט
און צעיערט
און צעטראָגן זיך בלינד,
צעריסן,
צעשמיסן
אין פֿייער און ווינט.
פֿאַרלענדט
און פֿאַרברענט
מיט אַ פֿייערדיק צונג,
קיין שטרוי
פֿון געבוי
ניט פֿאַרמידן אין שוואונג.

.9

עס האָבן
אין ציטער
פֿון שטורעם־
געוויטער
געמישט זיך
צוזאַמען
אי ברייטן
אי צאַמען,
אי ברעגן
אי שטראָמען,
אי פֿעלזן
אי תהומען,
אי פֿלאַכן
אי דעקן,
אי ווייטן
אי עקן.

.10

אויבן
איז אונטן
און אונטן
איז אויבן —
אין קנויל
פֿונם גרויל
און אין צוואַנג
פֿונם דראַנג ;
אויבן
און אונטן
געמישט זיך
צוזאַמען,
פֿאַרווישט
אַלע צייכנס,
פֿאַרברענט
אַלע צאַמען.

.11

אַ פֿייערדיק
וואָלקן
פֿון הימל
צעלאָזט זיך,
אַ פֿלאַמענדיק
צונטער
פֿון דאָרטן
צעגיסט זיך,
און ס׳טראָגן זיך
פֿלאַמען

ווי ברענענדע
ימען
און כאַפּן אַלץ
אום פּעסט
און וויקלען
אַרום פּעסט —
ווי פלאַמענדע
שלאַנגען
אין צונטערע
צוואַנגען.

.12

און ס׳זעט זיך
אַרוים
פונם גליענדן
בראַנד,
ווי ס׳אַרבעט
דאָרט זיכער
אַ פייערדיק
האַנט,
אַלצדינג
אין פייער
רויט-צונטער
צעגליט,
אַלצדינג
אין פייער
מיט קראַפט
איבערשמידט,
אַלץ ווי
פון בליי
שמעלצט איבער
אויף ס׳ניי —
אין גלוט
פונם פייער
געליייטערט
און נייער.

.13

און ס׳זעט זיך
פון בראַנד,
ווי אַ קינסטלערישע
האַנט
מאָלט
אויף אַ וואַנט
אַ געחלומטע
וואָר,
וועלכע
ס׳האָט קוים
אין פאַרנאַכטן
בלויז נאָר
אַ יינגל
געוואַגטער
געזען
אין זיין טרוים.

.14

און ס׳ווערן
פאַרשוואונדן
אין מויל
פון די פלאַמען
די אייזערנע
מעכטיקע
שטערנדע
צאַמען,
און ס׳וואַקסן-אוים

ווייטן
פון אַלע
פיר זייטן,
און ס'וואַקסן־אויס
ברייטן
אין רוים
אין צעשפּרייטן,
און ס'עפנט
פאַנאַנדער
פאַר יוגנט
און גלוט
אַ רוים זיך
אַ פרייער
פון וואַגן
און מוט.

.15

אַזוי
נאַכט־צעשטורעמט
און פלאַם־רויט
געצונדן,
אַ וועלט איז
אַן אַלטע
אויף אייביק
פאַרשוואונדן,
און ס'האָט
פאַר אַ נייער
אין שטורעם
פון פייער
אויסגעגליט
האַרט זיך
אַ פורעם
אַ פרייער.

און ס'איז אויך
צוזאַמען
מיט רויך
און מיט פלאַמען
דער מילב־מענטש
פון יאָרן
פאַרלאָרן
געוואָרן —
אַרויס איז
פון פייער
געלייטערט־
געהייטערט,
אַ מענטש־לייב
אַ הערשער,
אַ פרייער,
אַ נייער.

***

אַצינד
בין איך ווינט
און איך טראַג זיך
אין לויף,
די ברייט
ליגט צעשפּרייט
און די ווייט
איז אָן סוף;
די וועלט
ניט פאַרשטעלט
אַזוי מעכטיק און גרויס —
און איך
פיל אויך מיך
ווי אַ קינד אין איר שויס.

# אין ברייטן, אין ווייטן...

אין ברייטן, אין ווייטן
מיין בליק איז געווענדט,
איך האָב אַלע בריקן
אַהינטער פֿאַרברענט —
און ס׳ציט זיך מיין וועג נאָר פֿאָראויס.

אין נייעס, אין פֿרעמדן,
נאָך קיינמאָל געפּאָרשט,
עס רייסט זיך אַהינצו
מיין יונגקייט מיט דאָרשט —
מיט גלויבן, מיט פֿייער, מיט ברויז.

אין שטאָלצן, געוואָגטן,
וואָס אָטעמט מיט מוט —
אויב פֿאַרבן אין רויטקייט,
טאָ זאָל עס זיין בלוט,
אויב לעבן — טאָ זאָל עס זיין גרויס!

# אין געבעט

איך האָב מײַנע אויגן געווענדעט צום פֿעלז,
וואָס שטאַרצט אויפֿן שפּיץ פֿונם באַרג,
און האָב זיך געבעטן:
— אין וואָלקן געדיכטן פֿון נעבלען און רויך,
אין ווײַטקייט אין טיפֿער, פֿאַרהוילן און בלײַך —
נעם מיך צו זיך אין דער הויך!

איך האָב מײַנע אויגן געווענדעט צום אָדלער,
וואָס שפּאַלט מיט זײַן שנאָבל די פֿעלזן,
און האָב זיך געבעטן:
— ריים־אויף מײַנע אויגן, מײַן האַרץ ווילד צעפּליק,
די אָדערן קנויל־אויף צוזאַמען,
און גיס אינעם אויג מיר אַן אָדלערשן בליק,
און צינד־אָן מײַן האַרץ אין רויט־צונגיקע פֿלאַמען,
און שמיד־אויס מײַן אָדער ווי דעמבענע שטאַמען —
און גיב מיר פֿון אָדלערשן גליק.

איך האָב זיך געווענדעט צום ווינט אינם שטורעם
און האָב זיך געבעטן:
ריים־אויס מיך פֿון קינדערשן וואַרעמען וויגל
און טראָג מיך אויף דײַנע צעשטורעמטע פֿליגל —
כ׳זאָל טראָגן אין שוואונג זיך ווי דו!
און וואַרף מיך אין וויכער פֿון איין פֿעלז צום צווייטן,
און טרײַב מיך אין יאָגן אין ווײַטן און ברייטן —
אַן אומקער, אַן אָפּהאַלט, אַן רו...

# אין שוואונג

איך וויל ניט זיין קיין שוימען־בלאָז
אויפֿן פלאַך פֿון ים,
איך וויל ניט זיין קיין פֿונקען־שפּריץ
פֿון אַ ווייטן פֿלאַם.

איך וויל ניט זיין קיין ווינטעלע,
אַ ציטער פֿון אַ טרוים,
וואָס פֿלאַטערט־אויף אַיין רגע בלויז
און בלייבט אַן שפּור אין רוים.

איך וויל אַליין דער ווינט דאָך זיין,
וואָס רייסט־אויף ברייטע שטראָמען,
וואַרפֿט אין שטורעם פֿעלזן איין,
דרינגט אין טיפֿע תהומען.

איך וויל אַליין דער שטורעם זיין,
וואָס שוימט־אויף ווילד די ימען,
און טרעפֿט ער אַן נאַר וואו אַ פֿונק —
צעבלאָזט ער עס אין פֿלאַמען...

# איך וואַג

איך קום מיטן ווינט פונעם פעלז —
און איך וואַג.

איך וואַג אין פאַרגליווערטע שטיין-בערג צו האַקן
און שפּאַלטן דאָרט דורכברעכן פּיל,
איך וואַג דורך די ווילדסטע מדבריות צו שפּרייזן
און מוטיק דערגרייכן מיין ציל.

איך וואַג אין די אָפּרונטן טיפסטע צו זינקען
און אויפּברויזן דאָרטן דעם דעק,
איך וואַג מיט די כוואַליעס אין שטורעם זיך בינדן
און טראָגן זיך שוימיק צום ברעג.

די עלטעסטע ביכער געירשנט דורך דורות
גרינגשעצן וואַג איך ווי שונד,
געזעצן געאַכטעט דורך טויזנטער יאָרן
איך וואַג צו פאַרניכטן אין גרונד.

און גלויבנס געהייליקט דורך טויזנטער דורות —
איך וואַג זיי צו לעסטערן פריי,
און וועלטן פאַרשטיינערטע וואַג איך צו ברעכן —
און אַנדערע בויען אויף ס'ניי.

---

איך קום מיטן ווינט פונעם פעלז,
און איך וואַג!
איך טראָג זיך אין שטורעם אָן שרעק
און שפּרייז איבער וועלטן פון עק ביז צו עק,
צעוואָרף אַלע שטערנדע מעכטיקע צאַמען,
מאַך פריי אַלע ברעגן פאַר שוימענדע ימען,
פאַרברען אַלטע גלויבנס אין צונטערע פלאַמען — —

# נייע הימלען

ס׳האָט דאָס לעבן מיך פֿאַראומערט
מיט זיין וואָלקן־גרוי —
שפּרייטן וועל איך נ י י ע הימלען:
זונען־העל און בלוי.

ס׳האָט דאָס לעבן מיך פֿאַרשלאָסן
אין זיין קנעכטן־קייט —
רייסן וועל איך אירע רינגען
און צעוואַרפֿן ברייט.

ס׳האָט דאָס לעבן מיך דערנידערט
מיט זיין שקלאַפֿן־שאַנד —
אויסרייסן כ׳וועל אַזאַ לעבן
מיט אַ מעכטיק האַנט.

אויסרייסן דאָס אַלטע לעבן —
שאַפֿן אויף דאָס ניי:
זונען־הימלען, צויבער־וועלטן —
מעכטיק, שטאָלץ און פֿריי...

# צו דער זון!

הויבן זיך פון בוים די צווייגן —
צו דער זון, צו דער זון!
רייסט דער וואַלד איבער זיין שווייגן —
פאַר דער זון, פאַר דער זון!

זשומען טייכעלעך און קלינגען —
קעגן זון, קעגן זון;
פרייען קינדער זיך און שפּרינגען —
אויף דער זון, אויף דער זון.

לאַכן מענטשן פריש און זאַפטיק —
אין דער זון, אין דער זון;
שפּירט די יוגנט שטאָלץ זיך, קרעפטיק —
מיט דער זון, מיט דער זון.

זינגט די וועלט אַ יוגנט-ליד —
צו דער זון, צו דער זון!
זינגט מיט איר מיין האַרץ אויך מיט —
פאַר דער זון, פאַר דער זון!

# רויטע פאַרנאַכטן

רויטע גאָלדענע פאַרנאַכטן,
פאַרגאָסענע אין זונען־פלאַמען — —
ערגעץ־וואו אַ טשאַטע וועלף
צעריסן האָט אַ סטאַדע שאָף,
און ס׳פליסט און פלייצט דאָס רויטע בלוט —
פאַרפלייצט אַ וועלט אין ימען.

פאַרנאַכטן רויטע — רויט אַרום — —
פאַרטרונקען אַלץ אין בלוט און פלאַמען — — —
ערגעץ־וואו אַ ווילדער אָקס
צעשמעטערט האָט זיין ענגע שטייג
און צעבראָכן אַלע צאַמען — — —

פאַרנאַכטן רויטע — — רויט אַרום — — —
וועסטו, מיין הארץ, דען בלייבן שטום ? —
ריים זיך אויף אין ווילדן פלאַטער,
אין שטיקער גלוטיקע צעפלי זיך ווייט,
און פלייץ מיט הייסן בלוט מיט רויטן
צו יענע ווילדע ווייטע פלאַמען
און גים מיט זיי זיך אויף צוזאַמען — — —

# מײַן ײנגעלע

גערוידמעט מײַן אײניקל וואָרען

איך האָב ניט קײן זילבער,
איך האָב ניט קײן גאָלד,
נאָר דאָך אַ פאַרמעגן
אַ היבשן כ׳פאַרמאָג.

איך האָב ניט קײן רינגען,
קײן גאָלדענע קײט,
נאָר אַן אוצר אַ שטילן,
וואָס פאַר אַלץ שוין באַשטײט.

אַ ײנגעלע האָב איך
פון יאָרעלעך צוויי,
זײַנען חלומות
פאַרוויקלט אין זײ.

חלומות געטרוימטע
פאַרווירקלעכט אין וואָר —
ווער דאַרף עס רײַכקײט?
ווער דאַרף עס גאָר!

צו וואָס מיר די רינגען,
בריליאַנטן מיט גלאַנץ? —
אַז הענטעלעך דינע
פאַרוויקלען מײַן האַלדז.

און צו וואָס מיר די הײַזער —
אַ גאַנצענע רײ —
אַז מײַן ײנגעלעס שמײכל
איז מער ווערט פון זײ!

דריק איך צום ברוסט אים
און קוש אים געשמאַק —
דעם טעם ניט צו קויפן
מיט רענדלעך אַ זאַק!

גלעט איך זיין קעפּל,
די זיידענע האָר —
ווער דאַרף בריליאַנטן?
ווער דאַרף עס גאָר!

— — — — — — — — — — — — — — —

כ׳האָב ניט קיין זילבער,
כ׳האָב ניט קיין גאָלד —
נאָר מיין יינגעלע בייטן
כ׳וואָלט אויף זיי קיינמאָל געוואָלט!

## מיין יינגעלע

זיק פון משה ראַוך

Poshet

*p*

ICH HOB NIT KAIN ZIL-BER, ICH HOB NIT KAIN GOLD, NOR
DOCH A FAR-ME - GN A HIB-SHN CH'FAR-MOG. ICH
HOB NIT KAIN RING-EN, KAIN GOLD-E-NE KEIT, NOR AN
OITS-ER A SHTI-LN, VOS FAR ALTS SHOIN BA-SHTEIT.

# מיין באַגריסונג

(געשריבן און פאָרגעלייענט אויף דער פייערונג פונעם 50־יאָריקן
חתונה־יובילײ פון דוד פינסקי)

צוזאַמען מיט אַלע וואָס זיצן דאָ היינט,
צוזאַמען מיט אַלע פאַרזאַמלטע פריינט,

באַגריס איך אייך האַרציק, איר יונג־אַלטע פּאָר,
צו אייער באַנאַנד גיין דאָס פופציקסטע יאָר.

נישט יעדער קען שליסן דעם גאַנג פון זיין לעבן
און אויפריכטיק זאָגן: ס'האָט פרייד מיר געגעבן.

נישט יעדער קען וואַרפן אַ בליק אויף צוריק
און זאָגן: ס'האָט לעבן געגעבן מיר גליק.

נישט יעדערנס לעבן גייט־דורך ווי אַ ליד,
וואו יאָרן ווי פערזן — אין ריטם געשמידט.

נישט יעדערנס לעבן גייט דורך מיט געזאַנג,
וואו טריט, פּונקט ווי טענער, דערהויבן דעם גאַנג.

ס'איז לעבן געגליכן צו פלייסיקן טייך,
וואָס דרייט זיך און שלענגלט, און זעלטן ווען — גלייך.

נאָר גליקלעך איז יענע, וואָס ציילט ניט מאַנס לוין,
און גליקלעך איז יענער, וואָס ווייב איז זיין קרוין.

און גליקלעך, צופרידן איז ס'יעניקע פּאָר,
וואָס זעצט פאָר צו שפּינען דעם אייגענעם דור.

עס שמייכלט דער הימל, ווען זון איז אָן פלעק,
און ס'פרייט זיך דער טאַטע, ווען קינד גייט זיין וועג.

עס שמעקן די בלעטלעך, ווען יונג איז דער בוים,
און מאַמע איז גליקלעך, ווען קינד שפּינט איר טרוים.

נו, האָבן מיר היינט דאָ די גליקלעכע פּאָר,
וואָס האָבן פאַרווירקלעכט אַ חלום אין וואָר.

און ווען ביידע וואַרפן אַ בליק אויף צוריק,
זעען זיי טעג-פול געלאָדן מיט גליק.

און ווען ביידע זעען דאָס לעבן צעשפּרייט,
איז פול יעדער טאָג דאָרט מיט נחת און פרייד.

אַ ווייטער מהלך אַהינטער צוריק,
נאָר עס שפּרייט איבער אים זיך אַ גאָלדענער בריק.

אַ לעבנס-וועג ווייטער ווי פעלד אויסגעשפּרייט,
נאָר ס'ציט הינטער אים זיך אַ גאָלדענע קייט.

איז היינט ווען מיר אַלע פאַרזאַמלען זיך דאָ:
אין הערלעכער שטימונג, אין פריידיקער שעה —

נעמט-זשע אָן הארציק, איר ווירדיקע פּאָר,
אונדזערע וואונטשן פאר נאָך פופציק יאָר!

# פון שטיין

עס האָט מיך אויסגעהאַקט דער גאָט פון לעבן
פון אַ שטיין אַ האַרטן פון דער שטיינערדיקער ערד,
און אַרומגעהאַקט מיך און מיך אויסגעגלעט,
און אויסגעפורעמט מיך געשטאַלטיק ווי אַ מענטש.

און ער האָט מיר אין די אויגנלעכער שטיינדלעך צוויי,
בלישטשענדיקע ווי רובינען העל אַריינגעשטעלט,
און ער האָט געזאָגט צו זיי, זיי זאָלן שיינען מיר
און גלאַנצן פונקט ווי אויגן צוויי.

און אַ האַרץ אַ שטיינערנע האָט ער אַריינגעלייגט מיר אין מיין ברוסט,
און מיט שטאָל־אָדערן האָט מיין לייב פאַרצויגן,
און מיט שטויב האָט ער מיין מוח אויסגעפילט,
און געזאָגט צו מיר: זאָלסט אַזוי־אַ לעבן אויף דער וועלט.

גיי איך אויף דער ערד אַרום און ס׳גלאַנצן מיינע אויגן
ווי רובינען העלע מיט לבנהדיקער קאַלטקייט,
נאָר זיי זעען קיינמאָל גאָרנישט אַרום זיך.
און מיין האַרץ די שטיינערנע ווערט קיינמאָל אָנגעוואַרעמט
פון נשמהדיקער שטילער ווייכקייט,
און אין מיינע אָדערן די שטאָלענע
רינט קיינמאָל ניט קיין רויט־הייס בלוט.

# אויף אַ האַרטן באָדן

עס איז מיין גייסט פעסט פאַרשמידט
אין אייזן און שטיין,
אין האַרטן און קאַלטן,
און ס׳ווייט מיין נשמה ווי זיי
מיט האַרטקייט און קעלט.

האַרט איז מיין באָדן, פון שטיין,
און ס׳שפּראָצט ניט קיין גרעזל אויף אים:
ווערט קיינמאָל זיין צודעק ניט גרין,
מיט לעבן — זיין אָטעם באַהויכט,
מיט מאָרגן-טוי קיינמאָל באַפרישט.

ס׳טרעטן פיס אויף אים
פון דורכגייער פון טויזנטער,
נאָר ניט אָפּגעשטעמפּלט זייער טראָט בלייבט —
און ס׳בלייבט אויך מיין נשמה די פאַרשמידטע
קאַלט און פרעמד און ווייט
צו מיין ברודער אין זיין שווערער שעה.

# האַרטקייט

מענטש! —

טרעטסטו אויף אַ האַרטן באָדן,
אַטעמסטו מיט שטויב און ראָסט —
גיט דיין נאָז ניט מער קיין ציטער
פאַרן בלומען-דופט וואָס ס'ברענגט
דיר אַמאָל דיין ליבסטע.

לעבסטו אין שווייגן גאַנצע וואָכן,
אָפטמאָל טעג קיין איינציק וואָרט —
הערט דיין אויער מער דעם קלאַנג ניט
פון דיין כלהס צאַרטע רייד.

ברענסטו אין היץ זיך טעג און יאָרן,
ס'פילט דיין הויט קיין גלי ניט מער —
בלייבט דיין בלוט אויך קאַלט-פאַרגליווערט
פאַר דיין יונגפרויס הייס באַגער.

באָדסטו אין שווייס זיך טעג און וואָכן,
פילסטו שוין קיין מידקייט מער —
גיט דיין האַרץ אויך ניט קיין צאַפּל
פאַר דיין ברודערס הייסער טרער.

שפּייסטו שוין אויף גראָז און בלומען,
און אויף ברודער-ליידן שטילע —
בלייבן פרעמד דיר פריינט און נאָענטע,
און אויך ווייב און קינד אַפילו...

# מיין בלוט

אויף יעדן שטיין פון ברוק פון האַרט־געבעטער שטאָט
פאַלט אַ טראָפּן פון מיין בלוט.
נאָר אין קאַלטן אינגעווייד פון האַרטן שטיין
ווערט פאַרשוואונדן באַלד זיין רויטער גלאַנץ,
און ס׳צערט אים אוים די גליענדיקע זון —
די פייער־פלאַמענדיקע אין דער גרויסער שטאָט.

און ווען עס קומט פאַרנאַכט
און כ׳זע די זון הינטערן שטאָט אַ צונטער־רויטע,
און ס׳שפּיגלט אָפּ אין ים איר פאַרב זיך בלאַסלעך־ראָז,
וויים איך:
ס׳ברענט די לופט פול אָנגעזאַפּט מיט מיינע טראָפּנס,
און אָפּגעפאַרבט די שטאָט איז רויט מיט מיין פאַרגאָסן בלוט,
און רויט זיינען די זאַמדן ביים ברעג ים —
פון מיין בלוט, פון מיין בלוט...

# שטיין

עס האָט געקרעכצט דער שטיין פון ברוק אונטער די פיס פון טויזנטער:

— אָך, שווער איז מיר דעם מענטשן טראָגן —
דעם מענטשן מיט זיין זינד צוזאַמען...
און כ׳פיל אין נאַכט־שעה׳ן אין פינסטערע,
ווי ס׳ברענט איעדער טראָט מיך זיינער
און גליט מיט שטעכעדיקע פלאַמען.

און ס׳האָט געקרעכצט דער שטיין פון ברוק אונטער די פיס פון טויזנטער:

— אָך, שווער איז מיר דעם מענטשן טראָגן —
דעם מענטשן מיט זיין שאַנד צוזאַמען...
און כ׳פיל אַמאָל אין טעג אין שווארצע,
ווי גערן כ׳וואָלט די גאַס פארביטן
אויפן גרונט פון טיפע ימען.

און ס׳האָט געקרעכצט דער שטיין פון ברוק אונטער די פיס פון טויזנטער:

— אָך, שווער איז מיר דעם מענטשן טראָגן —
דעם מענטשן מיט זיין פיין צוזאַמען...
און ס׳טרעפט אין אָוונט־שעה׳ן איינזאַמע,
אַז כ׳שילט דעם טאָג וואָס כ׳בין אַ שטיין געבאָרן
און קען ניט צודריקן דעם ליידנדן
צו מיין ברוסט, ווי צו אַ מאַמען...

# שלאַנגען

מוויערן און הייזער — שלאַנגען:
לאַנגע, דינע, אַנגעכמורעט־בייזע,
דרייען זיך טרעפּ־איין, טרעפּ־אויס,
שלאַנגיש־קרום און שלאַנגיש־שמאָל,
וויקלענדיק זיך איינער אינעם צווייטן.

וויקלען זיך די שלאַנגען־טרעפּ אַרום מיין מידן גוף,
און וויקלען זיך שטאָק־איין, שטאָק־אויס אַלץ העכער און אַלץ ענגער —
און ווען כ׳דערגרייך דעם העכסטן שטאָק שוין באַלד,
פּיל איך ביי דער לעצטער טרעפּ,
ווי ס׳האָט די שלאַנג שוין גאַנץ מיין גוף אַרומגענומען,
און אומגעוויקלט האָט זיך קאַלט און שווידערהאַפט אַרום מיין האַלדז,
און דריקט און ווערגט...

# זעמדעלעך

מענטשעלעך-זעמדעלעך
בלאָזט-אום דער ווינט,

הויבט זיי און טראָגט זיי
און יאָגט זיי אויף בלינד.

מענטשעלעך-זעמדעלעך
דרייען אין לופט זיך:

אָן נעמען, אָן וועמען —
צו וואָס, ווי מען רופט זיך?

יעדער אַ זעמדעלע,
בלויז נאָר צו טרעטן —

וועט קיינער ניט גיין דאָך
אַ שטויבעלע גלעטן!

נאָר זיי בלויז אַליין דאָך,
זיי ווייסן פּאַרטרויט:

גאַנץ נאָנט זיי דאָס לעבן,
ניט פרעמד אויך דער טויט.

ס׳פאַרמאָגט יעדער איינער
אַ האַרץ — פלייש און בלוט,

וואָס אים גאָר ניט זעלטן
אויך ווייטאָגן טוט.

און ס׳וואָלט יעדער איינער
געקענט זען אין דרייען:

אי באַנגען־פאַרלאַנגען,
אי פריידן, אי ווייען.

נאָר קיינער קוקט קיינמאָל
אויף זיי זיך ניט אום:

אַ זעמדעלע־שטויבעלע
ליגט זיך דאָרט שטום!

וועט קיינער ניט גיין דאָך
אַ זעמדעלע גלעטן:

אַ זעמדעלע ליגט דאָך
אויף דעם בלויז צו טרעטן!

הויבט זיי און בלאָזט זיי
און יאָגט זיי דער ווינט —

מענטשעלעך־זעמדעלעך
טראָגן זיך בלינד — — —

* *
*

(פון אַן אַלטער כראָניק)

...פֿאַרשוואונדן איז דעמאָלט די ליבע פון הארצן,
געטעמט האָט יעדערער גיפט נאָר און האַס —
עס האָבן די מענטשן ווי שלאַנגען געשיפּעט
און שטעכיק געביסן מיט גיפט און מיט כעס.

און האָט ווער אַ נאָנטער אַ נאָנטן באַגעגנט,
געשטאָכן האָט בייסנד זיין שפּיציקער קוק —
עס האָט זיך אין שפּיציקע שטיינדלעך פאַרוואַנדלט
דער גלאַטער אַספאַלט פונעם גאַסיקן ברוק.

און איינגעזאַפּט האָט זיך דער סם אין די בלוטן
און גיפטיק גענאַגט דאָרט אַזוי ווי אַ שפּין —
און אויסגעזען דעמאָלט דאָס לעבן האָט גאַליק
און עקלדיק-בלאָטיק און שטייענדיק-גרין...

# אין טעג אַזעלכע

זונות שילטן זיך און האַסן —
יעדע פרוי אַ זונה,
מענער שיכורע אין גאַסן —
יעדער מאַן אַ קונה.

הינט אַן היימען דרייען זיך —
דאָ אין גאַס מזנה,
יינגלעך קוקן, פרייען זיך —
זיינען זיי מקנא.

אַ משוגענער ווייזט זיין שאַנדע,
וואַרפט מיט פרעכע רייד —
לאַכט דער עולם זיך פאַנאַנדער,
הירזשעט אַזש פון פרייד.

און אַ קרעציקער אַ שטילן אָרט
האָט געפונען וואו פאַר רו —
זוכט דער עולם אויף אים דאָרט:
קוקט צו אים זיך צו...

# דער מענטש, וואָס האָט גערעדט נאָר צו זיך אַליין

באַלאַדע

איבער וועגן ברייטע, איבער שטעגן שמאָלע,
איבער שטעט און דערפער ווייטע, איבער מערק,
און איבער וויסטעניש, וועלדער טיפע,
האָט ער געוואַנדערט.
און איבעראַל, וואו נאָר אַ גאָטס באַשעפעניש ער האָט געטראָפן,
און אומעטום, וואו נאָר ער האָט אַ מענטשן־זון געפונען,
האָט אָפּגעשטעלט זיין פוס ער דאָרט
און זייען אָנגעהויבן באַלד גאָטס וואָרט.

האָט ער געזען אַ שטויבעלע, אַ זומערדיקס, אַ לייכטס,
טראָגט אין יונגן ווינטעלע צום קוואַל־וואַסער זיך גלייך,
האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן ריידן:
— אַזוי האָט גאָט געזאָגט...
נאָר אָפּשטעלן דאָס שטויבעלע זיין פליען גאָרניט טראַכט:
עס האָט אים לאַנג דאָס ווינטעלע צום וואַסער־קוואַל געבראַכט
און האָט דאָס ריינע קוואַל־וואַסער שוין אומריינער געמאַכט.

האָט ער געזען אַ בלעטעלע, אַ יונגינקס און אַ גרין,
און ס'פרעסט אַ וואָרים אים און זויגט זיין זאַפט אויס ווי אַ שפּין,
האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן ריידן:
— אַזוי האָט גאָט געזאָגט...
נאָר ס'האָט דער פרעס־וואָרים זיין וואָרט גאָרניט געהערט:
אַ בלעטעלע אַ צווייטס האָט ער דערשמעקט און עס באַגערט —
און ר'פרעסט אים שוין און צופּט אים שוין און זשעדנע עס פאַרצערט.

האָט ער געזען אַ קעצעלע, אַ שלויעס און אַ פלינקס,
וואָס שלייכט זיך שטיל צום מייזעלע, וואָס דראַפּעט דאָרטן לינקס,

האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן ריידן:
— אַזוי האָט גאָט געזאָגט...
נאָר ס'איז שוין לאַנג דאָס מייזעלע אין קעצלס מויל פאַרשוואונדן —
און שמייכלענדיק צופרידן ליגט די יונגע קאַץ אין גראָז,
ווי אָפּגעטאָן זי וואָלט אַ וואָלטעטיקע זאַך נאָר־וואָס.

האָט ער אין פעלד געזען אַ גרויסן הונט דאָרט לוגן,
וואָס וואַרט אויף שוואַכן העזעלע און גרייט זיך אים פאַרצוקן,
האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן ריידן:
— אַזוי האָט גאָט געזאָגט...
נאָר באַלד האָט ער דאָס העזעלע שוין מער גאָרניט געזען:
פאַרשוואונדן אין הונטס מויל, ווי קיינמאָל גאָר געווען —
און רואיק גייט דער הונט אַוועק, ווי קיין זאַך וואָלט געשען.

האָט ער געזען אַ שעפעלע אַן אומשולדיקס און ריין,
און ס'וואַרפט אויף אים אַ וואָלף זיך ווילד מיט זיינע שאַרפע ציין,
האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן ריידן:
— אַזוי האָט גאָט געזאָגט...
נאָר לאַנג איז שוין דאָס שעפעלע פון בייזן וואָלף צעריסן —
און ס'שמעקט דער וואָלף אין ווייטעניש און זוכט אַ צווייטע צו געניסן.

האָט ער געזען אַ שטיפער־יינגל, וואָס הויבט אַ שטיין אַ שאַרפן
און האַלט אים גרייט אין האַנט פאַרשטעקט אין גאַסן־הונט צו וואַרפן,
האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן ריידן:
— אַזוי האָט גאָט געזאָגט...
נאָר לאַנג האָט שוין דער שטיין דעם גאַסן־הונט געטראָפן
און ס'רייסט אין לופט זיך שניידנדיק זיין קוויטשענדיק געוואויערײ —
און ס'הויבט און גרייט אַ שטיין אויף אים דער יינגל אויפדאָסניי.

האָט ער געזען צוויי ברידער שטיין ביים גרויסן ראָד אין מיל:
איינער אין דער ראָד געשפּאַנט, דער צווייטער צוטרייבן אים וויל —
האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן ריידן:
— אַזוי האָט גאָט געזאָגט...

נאָר ס'דרייט זיך שוין די ראָד דאָרט לאַנג מיט איינעם וואָס געשפּאַנט,
און ס'טרייבט דער צווייטער צו מיט בייטשל אין דער האַנט —
אַן איינזען פּאַר אַ ברודער, אַן יעטווידן געפּיל.

האָט ער געזען אַ מענטשן־מאַרק, וואו מענטש, ווי חיה פונקט, געביטן ווערט אויף געלט:
עס שטייט דער מענטש און נאַקעט לייב זיינס ציטערט פון בושה און פון קעלט —
האָט ער אין שרעק זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן בעטן:
— אַזוי האָט גאָט געזאָגט...
נאָר קיינער האָט זיין קול געהערט, זיין שטימע איז פאַרקלונגען:
געדונגען זיך, געקלאַפּט־באַטאַפּט, און ענדלעך זיך באַדונגען —
און ס'ווערט דער שקלאַף צווישן הונדערט אַנדערע ווי ער פאַרשלונגען.

האָט ער געזעען דאָס אין שרעק
און אויפגעציטערט האָט זיין ברוסט,
און ר'האָט אין שרעק זיך איינגעקנוילט
און איינגעדריקט זיך טיף אין זיך.

און אויפגעהערט האָט ער פון דעמאָלט אָן
גאָטס וואָרט אין מערק און דערפער זייען,
און אויפגעהערט האָט ער פון דעמאָלט אָן
מיט מיט־מענטשן צו ריידן.

און וויל ער פאָרט דאָך עפּעס זאָגן,
ווייל ס'הערט ניט אויף דאָס האַרץ צו קלאַפּן,
און ס'מאָנט און וועקט אין אים דאָס אומרעכט
זיין שטים פון אויסגעשריי צו לאָזן הערן —
דאַן לאָזט ער שטיל אַראָפּ דעם קאָפּ און הויבט־אָן ריידן,
און רעדט לאַנג און ביטער, מיט ווייטאָג און מיט צער —
נאָר צו זיך אַליין, נאָר צו זיך אַליין...

# קראָען

דיצן קראָען אויף די דעכער:
קראַ-קראַ-קראַ!
ס'איז די וועלט איצט טויט פאַרשלאָפן:
שטילער, ברידער, שאַ!

ס'ליגן מענטשן נאָך און טרוימען
פון אַ ווייטן סוד:
ס'קען דאָס טרוימען בלויז פאַרוויגן,
און אַ סוד — איז טויט.

זאָלן זיי וואָס לענגער טרוימען,
שפּעט ניט ווערן וואַך —
וועלן מיר דערווייל דאָ טרייבן
כישוף אויפן דאַך.

ס'איז דער מאָרגן נאָך פאַרבאָרגן,
בלייך און טויט, אָן גלאַנץ —
לאָמיר-זשע דערווייל זיך לאָזן
אין אַ קראָען-טאַנץ...

# אין בונד

איך האָב זיך פאַרבונדן מיט זיי — —

מיט יענע, אין וועמען דער אומרו עס רוט,
די שרעק אין די אויגן באַהאַלטן,
די נאַכט מיט איר פינצטערן פיין —

איך האָב זיך פאַרבונדן מיט זיי.

מיט קאַליקעס שפּאַטיש-פאַרשעמטע,
מיט מומים פאַר אַלע אַנטפּלעקטע —
אָפן געטראָגן פאַר מענטשן,
באַוויזן די שאַנד פאַר דער וועלט;
מיט קריפּלס באַהאַלטענע, עלנטע,
די שאַנד אין די אויגן פאַרשטומט,
דעם וויי אינעם האַרצן באַגראָבן —

איך האָב זיך פאַרבונדן מיט זיי.

מיט קרעציקע, אייביק-פאַרשאָלטענע,
וואונדן אָן פלאַסטער צעעפנטע,
פון וועלכע דער אייטער עס רינט
מיט עקל, מיט שאַנדע, מיט שפּאָט,
פאַרטריבן, פאַרשטויסן פון מענטשן,
מחוץ דאָרט למחנה פון לעבן —

איך האָב זיך פאַרבונדן מיט זיי.

מיט הינט מיט צערייצטע פון הונגער,
געטריבן, געיאָגט מיט אַ שטעקן;
מיט מענטשן משוגע פון ליידן
מיט אויגן צעפלאַמטע און ווילדע;
מיט שטאָט-משוגעים און הינט
פאַר וועלכע איעדער עס האַלט
אַ שטיין און אַ שטעקן געגרייט —

איך האָב זיך פאַרבונדן מיט זיי.

מיט שטילע, פון יאוש דערשלאָגענע,
מיט אויגן פאַרלאָשענע, קאַלטע,
אין וועלכע דער פונק פון באַגערן
פאַרלאָשן אויף אייביק שוין לאַנג;
מיט קראַנקע מיט הערצער פול קנאה —
דער גורל אויף זיכער באַקאַנט —
פון וועלכע עס פלאַקערט אַ שנאה
צו יענע, וואָס טרייסטן זיי קאַלט —

איך האָב זיך פאַרבונדן מיט זיי.

מיט מיידלעך מיט ברוסטן צעשפּיליעטע,
פריי צום פאַרקויפן צעשטעלט —
אין אויג ברענט אַן עקל צום קונה:
— נאַ, שפּיי, נאָר באַצאָל פאַר דעם געלט — — —

איך האָב זיך פאַרבונדן מיט זיי.

איך וויל מיט זיי טיילן צוזאַמען
די שרעקלעכע ליידן, יסורים,
און צינדן די ערד רויט אין פלאַמען
אין מעכטיקן קומענדן שטורעם.
כ'זאָל צאַפּלען מיט זיי פון נקמה
אין ווילדער און שרעקלעכער שטראָף —
פאַר ליידן פון גוף און נשמה,
פאַר ליידן אָן צאָל און אָן סוף.

איך ווייס, עס דערוואַרט זיי קיין מאָרגן,
און שווער איז דער ביטערער היינט —
דאָך וויל איך מיט זיי זיך באַהעפטן
און וויל זיין אין ליידן אַ פריינט . . .

# דאָס ליד פון פאַרלאָרענעם קאַמף

.1

איך האָב זיי געזען...

ניט אין קלאַנג פון באַגייסטערטן רוף,
ניט אין גלאַנץ פונעם גאָלדענעם וואָרט,
נאָר אין פלאַם פונעם ברענענדן קאַמף,
אינעם קריג, וואָס קרבנות ניט שפּאָרט.

יעדנס אויג האָט מיט פונקען געשפּריצט,
געגאָסן מיט פלאַמענדן ווילד,
און שאַרף יעדנס בליק האָט געבליצט
מיט שפּיזן וואָס האָבן געגלית.

עס האָט יעדער אָדער, פאַרגאָסן מיט בלוט,
מיט שטייפקייט געשטאָכן די הויט,
און מוסקולן האַרטע פון אייזן געשמידט
געזייט אינעם קאַמף האָבן טויט.

עס האָט יעדער שטריך פונעם פּנים אַ שטייפער,
אַ האַרטער געשמידטער פון שטאָל,
פאַרזיכערט מיט גלויבן, מיט מוט און מיט פייער:
מיר וועלן, מיר מוזן דאָס מאָל...

.2

איך האָב זיי געזען...

ניט אין גלאַנץ פון געוואונענעם זיג,
ניט אין שטאָלץ פון דער זיכערקייט מער —
נאָר אין פלאַם פונעם ברענענדן קריג,
אינעם זיג־זאַג פון וואַקלען הין־הער.

עס האָבן די אויגן געבלאַנדזשעט אין ווייטקייט,
געזוכט און געווענדט זיך צו אייך:
— מיר זיינען דאָך ברידער וואָס ליידן צוזאַמען,
טאָ לאָמיר אויך קעמפן צוגלייך!

און האָבן געבעטן און האָבן גערופן,
און האָבן געווענדעט די האָפנונג צו אייך:
— קומט העלפט אונז אין קאַמף אין פאַרצווייפלטן,
שווערן —
מיר קעמפן, מיר בלוטן פאַר אייך!

און האָבן גערופן און האָבן געשריען,
און האָבן קיין ענטפער באַקומען פון אייך,
און האָבן אין לעצטן געשריי נאָך געצאַפּלט:
— מיר פאַלן, מיר שטאַרבן פאַר אייך...

.3

איך האָב זיי געזען...

ניט אין שאַל פון געוואונענעם זיג —
נאָר אין וויי פון פאַרלאָרענעם קאַמף...

עס האָבן די אויגן געגאָסן מיט פייער
און ווילד האָט דאָס מויל זיך געקרימט,
און ס'האָבן די ליפּן געשפּיִיט מיט אַ קללה —

אויף אייך, אַ, אויף אייך!...

אויף אייך, איר דערשלאָגענע, האָז־דערשראָקענע,
מוטלאָזע, עלנטע שקלאַפן...

עס האָבן די טויטע געשטשירעט די ציינער —
אויף אייך, אַ, אויף אייך!

עס האָבן פאַרבלוטיקטע פויסטן געראָלט זיך —
צו אייך, אַ צו אייך!

און ס'האָבן די קעמפער די לעצטע געוואָרפן
אַ בליק פול פאַראַכטונג —

צו אייך, אַ צו אייך!...

# ווייען

עס האָבן די כוואַליעס געשריען פון ווייטאָג
קלאַפּנדיק שווער זיך אָן ברעג,
עס האָבן די שטיינער געקריצעט פון כעס
אונטערן ווינט אויפן וועג.

עס האָבן די בערג שווער געקרעכצט אין די היילן
שפּאַלטנדיק זיך ערגעץ־וואו,
עס האָט אַ געפּענטעטער אָדלער געצוקט זיך
נעכט־לאַנג אָן שלאָף און אָן רו.

עס האָט אַ באַפרייטער זיך אומגעקערט ווידער
אין תּפיסה נאָך שעה׳ן פון פריי —
עס האָט זיך דער שטורעם, דער מעכטיקער ווילדער,
געשטילט זיך, באַרואיקט אויף ס׳ניי...

מיין ערשט ביכל לידער: „לידער פון נעכטן און היינט״, איז געווען געדרוקט אינעם יאָר 1922. צוליב דעם אָבער, וואָס דאָס ביכל איז מער ניט בנמצא, ווערן דאָ איבערגעדרוקט אייניקע לידער פון דאָרט.

# אין שווערע צייטן

...און שניידט ווען אַ פויגל די לופט וואו אַדורך,
דערשיסט עס אַ יעגער שוין באַלד —
אַ פריידיק געזאַנג ווערט אין טרויער פאַרקערט,
און עלנטער ווערט דער פאַריתומטער וואַלד...

...און שיקט ווען די זון אויף דער ערד אירם אַ שטראַל
צו ווייכן די הערצער אין זוניקן ברען —
פאַרהילן די וואָלקנס אין שאָטן אים גלייך,
און ס׳בלייבן די הערצער פאַרשטיינט ווי געווען...

...און שלאָגט וואו אין ערגעץ אַ קוואַל נאָך אַ פריש
צו לעשן דעם דורשט פון צעגאָסענעם פלאַם —
פאַרטראָגן די ווינטן אין זומפּן אים באַלד,
און ס׳שלאָגט פונעם קוואַל שוין מיט פעסטנדן סם...

...און וואוינט וואו אין ערגעץ אַ נביא, אַ דיכטער,
וואָס שטראָפט בייז און שעלט און באַלויכט מיט זיין שיין —
פאַרשטיינט ווערט דאָס הארץ אים, פאַרשטומט זיינע ליפּן,
און ס׳צאַפּלט די וועלט אין פאַרצווייפלונג און פּיין...

# והיה באחרית הימים...

...און זיין וועט עס דעמאָלט אין ענד־ווייט פון יאָרן,
ווען אויסגיסן גאָט וועט זיין פלאַמענדן צאָרן
אויף מענטשן פאַר זייערע זינד,
און וועלן פאַרווישן די מענטשהייט אין שטורעם,
און וועלן פאַרניכטן דעם גאַנצענעם פורעם,
פאַרלענדן אין רויך און אין ווינט;

ווען אויפהויבן וועט זיך די זינד צו דער שטופּע,
ווען ס׳העלפט שוין קיין סגולה און ס׳העלפט ניט קיין תרופה,
פאַרזונקען אין בלאָטע און בלינד,
און אומגיין וועט נאַקעט, ווי הינט אין די גאַסן,
פאַרשייט ווי אַ חצופה און ווילד־אויסגעלאַסן,
און שלעפּן אי טאַטן, אי קינד;

ווען אויפהויבן וועט זיך צום הימל און טראָגן
דער קול פון אלמנה, פון יתום דאָס קלאָגן,
וואָס זיינען פון רייכן באַרויבט,
און פּלאַצן צוזאַמען מיט זיי וועלן קלאַנגען
פון שפּאָטיש געלעכטער און שיכרות־געזאַנגען
פון הערצער וואָס בלייבן פאַרטויבט —

פאַרוואַנדלען וועט גאָט דאַן אין שטורעם אין יענעם
די ערד אין אַ ווילדן און שרעקלעכן גיהנום,
פאַרגיסן אין צונטער און גלוט;
און קרעמפּפן די ערד וועט אין גסיסה אין לעצטער,
און קאָרטשען זיך ווילד אין איר קלייד דער פאַרנעצטער
פון טייכן פאַרגאָסענע בלוט...

---

...און ס׳וועט גאָט אין יענע די שרעקלעכע צייטן
די הערצער פון מענטשן אין אייזן פאַרבייטן,

אין אייזן אין גליענדן רויט;
און ס׳וועט גאָט די מענטשן אין חיות פאַרקערן,
אין חיות אין ווילדע וואָס זאָט גאָרניט ווערן
און דורשטן נאָך בלוט נאָר און טויט.

פאַרלאָזן וועט דעמאָלט דער פרידלעכער פויער
זיין פעלד ניט באַארבעט אָן זאָרג גאָר און טרויער,
פאַרלאָזן זיין פריינט וועט, די ערד,
און אויפפלאַמען וועט אין זיין אויג אַזאַ פלאַקער,
צעברעכן וועט ווילד ער זיין איינציקן אַקער
און מאַכן פון אים וועט אַ שווערד.

און נמאס וועט ווערן דעם שמיד אויך דער פרידן:
אַ לעבן אין קוזניע — נאָר שמידן און שמידן,
אַ יונג אַזאַ הויכער, אַ ריז!
און צוואַרפן פריילעך וועט קוילן, ניט שפּאָרן,
און אויפבלאָזן וועט ער אַ לעצט מאָל דעם האָרן
און אויסשמידן פאַר זיך אַ שפּיז.

און אויפהערן וועט אויך דער סוחר צו האַנדלען,
פאַרמיאוסט וועט ווערן אים שטענדיק צו וואַנדלען
און צאָלן פאַר סחורה מיט גאָלד;
און איינפאַלן וועט אַ געדאַנק אים אַ נייער:
ווי וואָלט ער געלעבט דאָס גאָר זאָרגלאָזער, פרייער,
ווען ער וואָלט פאַר גאָרנישט געצאָלט.

און ס׳וועט גאָט אין יענע די שרעקלעכע צייטן
די שטילסטע פון שטילע אין ווילדסטע פאַרבייטן,
די צאַרטסטע צווישן די שאָף:
באַקומען די שעפּס אָנשטאָט הערנער וועט נעגל
און לונגן וועט שפּעט אויף אָן איינזאַמען שטעגל,
און צוקן אַזוי ווי אַ וואָלף.
און ס׳וועט גאָט די סטאַדע די רואיקע, שוואַכע
פאַרוואַנדלען אין אָנגרייפער פלינקע און וואַכע,

באוואָפנט מיט דרייסטקייט און מוט,
און ווערן די ציג ווער אַ פלוצלונגער קריגער
און שאַרפן די ציין ווי אַ בלוטיקער טיגער,
און זוכן פאַר שפּייז ווער נאָר בלוט.

און ס׳וועלן די מענטשן זיך זאַמלען אין האָרדן
און רויבן און צינדן און פלינדערן, מאָרדן,
און פאַרבן די ערד נאָר אין רויט;
און בלאַנקען אין נאַכט וועלן בלוטיק די שווערדן
אויף מאַלצייטן ווילדע פון ווילדע באַהערדן,
אויף שמחות פון בלוט און פון טויט.

און רויט וועלן אויפגיין צום הימל די פלאַמען,
צעשפּרייטן זיך ברייט ווי צעגאָסענע ימען,
און פלעכטן פון צונגען אַ קנויל;
און אויפגיין אין שרעקלעכע קראַמפּהאַפטע ווייען
עס וועלן צום הימל דעם מענטשנס געשרייען,
און פּלאַצן פון ווילדקייט און גרויל . . .

---

...און זיין וועט עס דעמאָלט אין ענד-ווייט פון יאָרן,
ווען ס׳וועט זיך דאָך שטילן גאָטס פלאַמיקער צאָרן:
באַשטראָפט שוין דער מענטש פאַר זיין זינד! —
וועט אויפשטעלן ווידער אַ וועלט ער אַ שיינע,
אַ זוניקע, גאָלדענע, גליקלעכע, ריינע,
און נעמען דעם מענטש פאַר זיין קינד...

# דער זיג

...און העלדיש און שטאָלץ וועלן קוקן די קריגער
ביים אומקער אין שטאָט נאָכן שרעקלעכן קריג:
פאַרמאַטערטע, בלאַסע, דאָך פרייע באַזיגער —
און רייך און מיט ברייטקייט באַלוינט ווערט דער זיג...

די גאַסן פאַרפּוצטע אין גרינס און אין פאָנען,
דער עולם איז גליקלעך און דריקט־אוים זיין פרייד;
געזיכטער צעשטראַלטע אָן זיג נאָר דערמאָנען —
און פריי ווערט צעגאָסן דער יום־טוב און ברייט...

אַ קלינגען פון לידער לכבוד די זיגער,
אַ ווילדער עקסטאַז פאַר די מוטפולע העלדן —
און אויסרופן הייסע באַוויינען די קריגער
און טראָגן אַוועק זיי אין פאַרב־רייכע וועלטן...

---

...און שטיין אָן אַ זייט וועלן מוטערס פאַרוויינטע,
נישט נעמען קיין אָנטייל אין עולמ'שער פרייד:
די ליפּן פאַרדריקטע, די הערצער פאַרשטיינטע —
נישטאָ איז קיין טרער, ניט פאַר גליק, ניט פאַר לייד...

אויך זייערע קינדער אַוועק אין דער שלאַכט
צו רייסן די קרענץ פון נצחון און מוט —
פאַרראַטן האָט אָבער דער גאָט זיי פון מאַכט:
אַלס קרבן געפאָדערט דאָס יונג־הייסע בלוט...

און ס'וואַרפן די הערצער אַ קללה אַ ווילדע,
אַ קללה פול צאָרן און גיפטיקן כעס —
אַ קללה די קריגער, אַ קללה די זיגער,
די אַלע וואָס זייען נאָר טרערן און האַס...

# טרערעלעך־פּערעלעך...

טרערעלעך —
פּערעלעך,
לויטערע שטערעלעך —
ווער האָט אייך הייסע פאַרגאָסן?
הערצער פאַרקלעמטע?
פון לעבן פאַרשעמטע? —
וואָס האָבן גאָר קיינמאָל
קיין פרייד ניט גענאָסן?

טרערעלעך —
פּערעלעך,
גאָלדענע שטערעלעך —
ווער האָט אייך הייסע פאַרלאָרן?
קינדערלעך קליינע?
נשמהלעך ריינע? —
וואָס זיינען פון לעבן
פאַרשטויסן געוואָרן?

טרערעלעך —
פּערעלעך,
האַרציקע שטערעלעך —
קלייבט זיך אויף אַלע צוזאַמען!
און רייסט זיך אין הימל
און וועקט דאָרט פון דרימל —
צעגיסט זיך אין שטורמישע ימען.

עס האָט שוין קיין ברעג ניט דאָס מענטשלעכע ליידן,
וואָס צאַפּלט און בלוטיקט אין וואונדן,
און ווייטאָגט פון שאַנדע און באָדט זיך אין טרערן —
וואָס ווערן אין אָפּגרונט פאַרשוואונדן...

טרערעלעך —
פערעלעך,
ליכטיקע שטערעלעך —
קלייבט זיך אויף אַלע צוזאַמען!
און רייסט זיך מיט שטורעם
און וואַרפט־איין דעם טורעם —
און צינדט־אָן דעם הימל אין פלאַמען — —

# אַ לאַנד

אויפן ווייטן מזרח-ראַנד
ציט אַוועק זיך ברייט אַ לאַנד,
אויסטערליש אין זיין געשטאַלט,
וואונדער פיל אין זיך באַהאַלט.

ס'איז דאָס לאַנד אי גרויס, אי ברייט,
לענדער-ווייט ליגט אויסגעשפּרייט,
ס'איז אין יעדן ענד זיין צאַם
נאָר דער גרויסער ברייטער ים.

ליגט אין מזרח זיך דער ריז —
הערט, וואָס דאָ דער וואונדער איז!
ליגט און דרעמלט מיט געפיל
אַזוי אָנשטענדיק און שטיל.

און אין מערב-זייט זיך גייט,
בערגלעך-אינזלען וואַרפט און זייט,
שטרעקט זיין פינגערדיקע האַנט
קינסטלער-מאָלער הער אַטלאַנט.

שווימט אין צפון וויים און קאַלט,
מיט אַ העלן גלאַנץ באַשטראַלט,
שווימט דער ווייסער שטאָלצער שוואַן —
דער אייז-קאַלטער אָקעאַן.

און אין דרום היים-פּאַרפּלאָנטט
שטיפט מיט גליענדיקן זאַמד,
פאַנגט אַ מיידל לייכט דאָס האַרץ
מיט איר כשופן אויף שוואַרץ.

ליגט דאָס לאַנד פון ים ביז ים —
איינגעפאַסט אַ בילד אין ראַם —
אויסטערליש אין זיין געשטאַלט,
וואונדער פיל אין זיך באַהאַלט.

# דו, מזרח־לאַנד!

ווייט, גאָר ווייט, אין מזרח־ראַנד,
אויפן פאַן פון בונטע שטראַלן,
בלוטעט רויט אַ ליידנד לאַנד,
זון־באַקרוינט מיט העלדישקייט,
בלאַס באַחנט מיט הייליגקייט
פון מאַרטירערטום און טויט...
אַך, דו ווייטעס, הייליק מזרח־לאַנד!

אינעם פיין פון דיינע ליידן שווער,
אינעם בלוט פון דיינע וואונדן היים,
טוליעסט־צו צו זיך צום האַרץ געטריי
מיט דיין ווייכער מוטער־האַנט
אַלע עלנטע, פאַרצווייפלטע,
אונטערדריקטע און באַליידיקטע,
פאַרפייניקטע פון שפּאָט און שאַנד —
— זיי צווישן איינער בין איך ...
זיי אַ מוטער מיר, דו לאַנד!

דורך דערנער־שטעגן, שטיינער־וועגן,
בלוטעסטו דיין מדבר־וועג,
טראָגנדיק אַ טרוימען־גליק
פאַר די עלנטסטע פון מענטשן־זין,
פאַר די דערנידעריקסטע פון מענטשן־שטאַם —
טראָגסטו אין דער גיהנום־וועלט
דאָס גליק פונעם גן־עדן לאַנד...
אַך, דו וואונדערבאַרעם מזרח־לאַנד!

# אין טעמפל

אין שטילן און טונקעלן טעמפל,
ס׳טרעט זעלטן א מענטש דאָרט אריין,
ברענט שטענדיק א הייליקער לעמפל
און וואַרפט שטיל א ציטריקן שיין.

עס וואוינט דאָרט א הייליקע געטין,
עס הערשט דאָרט א הייליקער גייסט —
ווער ס׳קאָן נאָר די שוועל איבערטרעטן
מיט ערדישן טרויער צערייסט.

נאָר איך בין פון יענע געציילטע
וואָס ס׳טראָגט זיי א גאָלדענע בריק,
און איך בין פון יענע דערוויילטע
וואָס ס׳האָט זיי באַשערט גאָט דעם גליק.

איך קני פאַר דער הייליקער געטין,
זי קוקט אויף מיר ווייך אזוי, שטום —
און כ׳פיל ווי אין הייליקן בעטן
מיין הארץ ווערט געלייטערט און פרום.

און כ׳פיל ווי דאָס הייליקע טעמפל
מאַכט גרוים דאָן מיין ערדישן פיין,
און כ׳פיל ווי דאָס קליינינקע לעמפל
באַלייכט מיך מיט זוניקן שיין...

# די פרייד

ערגעץ הער איך גלאָקן קלינגען —
איז עס דען אַ יום-טוב היינט?
און צי איז דען פרילינג איצטער,
וואָס די זון האָט זיך צעשיינט?

טרעף איך מענטשן אין די גאַסן —
שטראַלט אַ פרייד פון יעדנס בליק,
און פון יעדנס פרייען פנים
שמייכלט העל אַזוי דאָס גליק.

ווען כ׳טרעף וואָלט איך געקושט נאָר,
און זיי מיך — מיר דאַכט זיך אויך...
עפּעס יובלט דאָרט אין האַרצן
און אויף פליגלען טראָגט מיך הויך.

יועמעס גליק און וועמעס יום-טוב?
כ׳קאָן דעם טאָג היינט ניט פאַרשטיין! —
נאָר מיר דאַכט, עס איז די פרייד גאָר,
וועלכע זינגט אין מיר אַליין...

# דאָס גליק

פֿאַרטרונקען אין אַ ים
פֿון שמייכל און פֿון זון,
קלינגט דאָס געלעכטער העל,
ווי העל און פֿריש עס קלינגט
דאָס פּליושקען זיך פֿון טייכל,
וואָס פֿליסט אַראָפּ, אַראָפּ,
פֿונעם באַרג אין טאָל.

עס שנירלען זיך די ציין,
געזונטע פֿריילעכע און יונגע,
ווי ברעגן באַרגיקעביים טייך,
וואָס שלענגלט זיך און דרייט זיך
און שפּיגלט קלאָר זיך אָפּ
אינעם בלוי פֿון הימל.

און די אויגן — בלויע זונען
אין אַ ים פֿון שוואַרצן גאָלד,
שפּריצן פֿלאַמיק מיט פֿאַנטאַנען
פֿון באַגערטע פֿרייד און לעבן.

וואָס מיר מענטשן, וואָס מיר וועלט?
קיין זאַך איז געווען — ניטאָ!
נאָר דאָס גליק וואָס לייכט און שטראַלט,
וואַקסט אין האַרצן מונטער־יונג
און צעשפּרייט זיך זאַפֿטיק־ריין,
ווי די הענטלעך פֿון אַ קינד,
וועלכע ציען שטראַלנדיק
אויס זיך צו דער גרויסער זון...

# אויפֿן הויכן באַרג

אויפן הויכן באַרג צו מיר,
געליבטע, קום!
כ׳וועל דאָרט טיילן זיך מיט דיר
מיין גליק און רום.

כ׳האָב דערגרייכט דעם ווייטסטן זוים
פון מענטשן-גלאָר,
ס׳איז מיין שענסטער ווייטסטער טרוים
געוואָרן וואָר!

נאָר איך וויל ניט זיין אַליין
אויפן שפּיץ פון באַרג:
עלנט איז דאָך אויך דער שטיין,
ווי ער איז ניט שטאַרק!

ציט מיך אַזוי שטאַרק צו דיר:
פייער צו דער קויל! —
קום-זשע אויפן באַרג צו מיר,
מיט מיין גליק זיך טייל!

# פרילינגס־לידער

I

גיי אַרויס אין פעלד, געליבטע,
אינעם פעלד דעם פרייען,
און באַגריס דעם פרילינגס־מאָרגן
אין זיין גלאַנץ דעם נייען.

פוץ זיך אויס אין פיינעם קלייד דיין,
אינעם קלייד דעם ווייסן —
כ'וועל מיט ליליען אים באַפּוצן,
כ'וועל אין פעלד זיי רייסן.

פלעכט פאַנאַנדער דיינע לאָקן,
זאָל דער ווינט זיי קרייזן —
זאָל דאָס שטיפערישע ווינטל
וויך דיין ברוסט אַנטבלויזן.

און אין פעלד אין פרייען יונגן
זאָלסט די זון באַגריסן —
זאָל דיין יוגנט מיטן פרילינג
אין איין ליד זיך גיסן...

II

גיי דערציייל אין אַלע גאַסן
און פאַרשפרייט אין מאַרק, מיין פריינט,
אַז געקושט האָט מיך מיין ליבסטע
שטאַרקער פיל ווי שטענדיק היינט.

מער געציטערט האָט איר ברעם היינט
און די ליפן היים געקושט,
און געדריקט האָט מיך מיין ליבסטע
און געטוליעט צו איר ברוסט.

ס׳האָט דער פרילינג זי צערויטלט
און געצונדן איר דאָס בלוט,
און אינגאַנצן זי צערודערט
און צעפלאַקערט זי מיט גלוט.

און געדריקט האָט מיך מיין ליבסטע
און מיט פייער היים געקושט,
און געציטערט האָט איר אָטעם,
און געברענט דאָס אויג מיט לוסט.

— — — — — — — — — — — —

גיי דערציייל אין אַלע גאַסן
און פאַרשפרייט אין מאַרק, מיין פריינט,
אַז געקושט האָט מיך מיין ליבסטע
שטאַרקער פיל ווי שטענדיק היינט.

III

[א דיר, ליבסטע, מיינע ליפּן:
קוש זיי היים און קוש זיי שטאַרק,
ביים זיך איין מיט דיינע ציינדלעך
אין מיין בלויזן האַלדז און וואַרג.

כ׳וועל ניט שרייען, פיינלעך דולדן,
ס׳טוט ניט, ליבסטע, ווי דיין בים —
אַך, ווי גוט איז דאָס צו ליידן
פון אַ ליבסטער און ווי זיס!

דאָך, געליבטע, קומט אַ שטראָף דיר:
ס׳איז דערלויבט דאָך פאַרט ניט אַלץ! —
און דו האָסט איבערגעלאָזן
רויטע צייכנס אויף מיין האַלדז...

וועל איך, ליבסטע, דיך באַשטראָפן,
ס׳וועט די שטראָף ניט זיין צו גרוים:
כ׳זאַפּ זיך איין אין דיינע אויגן
און איך זויג זיי גלוטיק אוים...

— — — — — — — — — — — —

כ׳האָב צעברענט דיר דיינע אויגן? —
נו, אַנטשולדיק, כ׳וועל ניט מער...
אַך, ווי הייליק איז דאָס ליידן
פון אַ ליבסטער און איר טרער...

# בלומען

איך וועל צו דיר קומען
און ברענגען דיר בלומען.

דו וועסט זיך פאַרשעמען,
דאָך וועסטו זיי נעמען
און שעמעוודיק זאָגן:
— איך בעט, איר זאָלט קומען...
— איך בעט, איר זאָלט קומען...

אָ. יאָ. איך וועל קומען... כ׳וועל קומען...
און ווידער דיר ברענגען אַ קראַנץ פרישע בלומען...

וועסט נעמען זיי שטיל
מיט אַ פריידיק געפיל,
און אַנשטאָט אַ דאַנק
וועסטו דריקן נאָר לאַנג
מיין האַנט —
און מיין האַרץ
מיט אַ בליק פייערדיק-שוואַרץ,
וועסט ענטפערן נאָר
מיט אַ דאַנק מיט אַ שטומען.

אַ יאָ, איך פאַרשטיי... איך פאַרשטיי...
עס הייסט: איך זאָל קומען... כ׳זאָל קומען...
און ווידער דיר ברענגען אַ קראַנץ פרישע בלומען...
אַ יאָ, איך פאַרשטיי... איך פאַרשטיי...

. . . וואָס בעטסטו מיך, מיידעלע,
בעט מיך ניט, נאַרעלע,
סיי־ווי וועל איך צו דיר קומען —
און דריי מאָל און פינף מאָל און צען מאָל אפילו
וועל ברענגען דיר פרישינקע קראַנצן מיט בלומען...

דו האָסט שוין געפאַנגען
מיין האַרץ ווי אין צוואַנגען,
און סיי־ווי געהערט זי שוין דיר;
נאָר — אַ שאַנדע דערציילן —
איך האַלט עס פאַרהוילן
און שעם זיך דיר זאָגן —
ווי דו שעמסט זיך מיר...

# מיין כלה

כ׳האָב אַ שיינע שוואַרצע כלה,
כישופֿט זי מיט שוואַרץ:
מיט איר בלויען צונטער־פֿייער
צינדט זי אָן מיין האַרץ.

קוק איך אין די אויגן איר —
כוואַליען זיך דאָרט ימען,
קוש איך אין די באַקן איר —
פֿלאַקערן דאָרט פֿלאַמען.

און די הענט די ווייסע
רינגלען מיך מיט פֿייער,
ס׳גליט מיך היים איר אָטעם
ווי אַ פֿלאַקערדיקער שייער.

ציט מיך ווי אַ פֿליגעלע
צו די שוואַרצע פֿלאַמען,
וואַרף איך זיך אין פֿייער־גלוט
און ברען מיט זיי צוזאַמען...



ווייסע ציין און שווארצע האָר —
רייך איז דאָ די שפּיל פון פאַרבן! —
איך בין גרייט פאַר זיי צו לעבן,
איך בין גרייט פאַר זיי צו שטאַרבן...

ווייסע הענט און שווארצע אויגן —
ווי עס גליט אין זיין אַ פייער! —
איך בין גרייט זיך פאַר אַ קרבן
ברענגען זיי צושטייער...

# מיין שיינע שוואַרצע כלה

ס׳האָט מיין שיינע שוואַרצע כלה ברעמען —
לייכטע, ציטערדיקע ווי נאָך יונגער זוימען:
עס האַלט אין זיי מיין שיינע שוואַרצע כלה
דעם סוד פון טויזנטער געוואָגטע שיינע טרוימען.

ס׳האָט מיין שיינע שוואַרצע כלה ליפּן —
פרישע, זאַפטיקע, ווי ליליען אין פרימאָרגן:
און אין זיי און אין די זוימען וואָס אַרום זיי
האַלט דעם סוד פון יונגן ציטער זי פאַרבאָרגן.

ס׳האָט מיין שיינע שוואַרצע כלה קליידער,
וואָס גיסן זיך אין צענדליקער זיך כוואַליענדיקע פאַלדן:
עס האַלט אין זיי מיין שיינע שוואַרצע כלה
דעם סוד פון יונגן מיידל־רייץ באַהאַלטן.

און נאָך פיל סודות טויזנטער
פאַרמאָגט מיין שיינע שוואַרצע כלה,
נאָר זי וואַרפט זיי ניט פאַרשווענדעריש
און שענקט ניט מיטאַמאָל מיר אַלע.

נאָר יעדעס מאָל ווען ס׳גיט אַ ציטער
אין האַרץ ביי איר אַ פונק פון הייסן פייער,
לייגט זי ווייך איר קאָפּ אויף מיינע אַקסלען
און ס׳אַנטפּלעקט פאַר מיר זיך אירס אַ סוד אַ נייער...

מיין שיינע שוואַרצע כלה!

# אין שטורעם־נאַכט

דורך פינצטער-נאַכט, דורך וואָלקן-נאַכט,
דורך שטורעם-רויש, דורך בליצן-פּראַכט,
אייל איך, ליבסטע, שנעל צו דיר
געיאָגט פון בענקשאַפט אָן אַ שיעור:
— עפן, ליבסטע, מיר די טיר!

ס'ברענט אין האַרץ דער זומער-גלוט,
ס'ברויזט מיט רויש דאָס יוגנט-בלוט —
אַ שאַרפער דאָרשט זיך קוועלט אין מיר
און רייסט מיט ווילדקייט זיך צו דיר:
— עפן, ליבסטע, מיר די טיר!

אין דער טונקלקייט פון צימער
זע איך נענטער דיך, אינטימער:
ס'גלאַנצט אין פינסטער וויים דיין ברוסט,
ס'ברענט דיין אויג מיט מיידל-לוסט.

ס'קראַכט אין נאַכט דער זומער-שטורעם,
ס'פּלאַצן ווענט דאָרט פון אַ טורעם;
ס'וואַרפט דער בליץ מיט פייער-טויט:
— שענק מיר, ליבסטע, איצט דיין סוד!...

# דער סוד

איך וועל ניט דערציילן פֿאַר קיינעם, געליבטע,
וואָס דו האָסט געשענקט מיר אין גלות־הייסער נאַכט:
עס וואָלטן די פֿריינט מיר געוועזן מקנא
און ס׳וואָלטן די שונאים הויך־ציניש געלאַכט.

אַ סוד וועט עס בלייבן פֿאַר ביידן, געליבטע,
אַ סוד פֿון דער יוגנט, פֿון פֿרילינגשן גליק —
אַ סוד אַ געהיימער פֿון יונגע צוויי הערצער,
וואָס טראָגן אים שטומע פֿאַרבאָרגן אין בליק.

איך וועל ניט דערמאָנען פֿאַר דיר אויך, געליבטע,
עס זאָל ניט צערויטלען דיין באַק זיך פֿאַרשעמט...
און אומבאַוואוסט־פֿרעמד, אָן פֿאַרוואָס, אויף אַ ווײַלע,
זאָל שווער זיך אַ צאַפּל דאָס האַרץ טאָן פֿאַרקלעמט.

אַ סוד וועט עס בלייבן פֿאַר ביידן, געליבטע,
אַ סוד פֿון דער יוגנט, פֿון פֿרילינגשן גליק —
נאָר זעלטן־ווען שפּעטער מיר וועלן זיך טרעפֿן
דערמאָנען אײנאַנדער זאָל יעדערנס בליק...

# אין גאָרטן

די וועלט איז אַ פּראַכטפולער גאָרטן
צעשניטן אין שלאַנגיקע בייטן,
און ס׳וואַקסן דאָרט אַלערליי סאָרטן
פון רייצנדע שמעקהאַפטע קווייטן.

און שמעטערלינגס אָפט אַהין קומען,
מיט פליגעלעך זוניקע לופטיקע,
צו זויגן דעם זאַפט פון די בלומען,
צו קושן די בלעטעלעך דופטיקע.

זיי פליען פון איין בלום צום צווייטן —
וואָס שענער און רייכער אין פאַרבן —
און שווערן זיך לוסטיק אין גרייטן
פון זיי פאַר דער שענסטער צו שטאַרבן.

ס׳טרוימט יעדער אין לופטיקן שמעקן:
די שענסטע — זי וועט זיין מיין כלה! —
נאָר שווער איז דעם סוד צו אַנטדעקן
און אויסקלייבן א י י נ ם פון זיי אַלע...

# איינע...

איך ווייס: דו ביסט ניט איינע אויף דער וועלט...
און טויזנטער נאָך פיל זיינען פאַראַן,
וואָס ציען לאַנג מיין בליק
מיט זייער גלאַנץ און רייץ
און שיינקייט — מערער ווי ביי דיר.

אויף וועמעס פּוס דער דינער זאָק
ליגט גלאַטער פיל און אָנגעצויגן שטייפער,
אויף וועמעס פינגער, בויגעוודיק און דין,
גלאַנצט ראַזעווער דער אָפּגעטאָקטער נאָגל,
און וועמעס פאַלד פון לייכטן קלייד
בלאָזט־אויף זיך אָפטער פונעם ווינטל,
און וועמעס טראָט אין לייכטן גאַנג
קלאַפּט־אָפּ זיך ריטמישער און ווייכער,
און וועמעס אויג אין הייסן בליק
וועקט אָפטער אויף אין מיר אַ ציטער.

איך ווייס, דו ביסט ניט איינע אויף דער וועלט...
און טויזנטער נאָך פיל זיינען פאַראַן,
וואָס ציען מיך מיט זייער פּראַכט און רייץ,
און שטעלן־אָפּ אויף זיך באַפּעלעריש מיין אויג
און צינדן־אָן דאָרטן אַ פלאַקערדיקן פלעמל,
און וועקן־אויף אין מיר פאַרבאָרגענע געפילן —
און ס׳בלאָנדזשעט ווייט נאָך זיי מיין אָנגעשטרענגטער בליק
און לאַנג אין ווייטעניש מיט בענקשאַפט שטיל באַגלייט,
און ס׳קלאַפּט פאַר זיי דאָס האַרץ ביי מיר
גאַנץ אָפט נאָך שטאַרקער פיל — נאָך שטאַרקער ווי
פאַר דיר...

איך ווייס, דו ביסט ניט איינע אויף דער וועלט — — —

און דאָך וואָלט איך דיך איינע ניט
אויף יענע טויזנטער פאַרביטן,
און אויף קיינער זיך פון זיי

מיט קיינעם קיינמאָל ניט געביטן;
און דאָך וואָלט איך אויף קיינם פון זיי
מיין צוקונפט-בנין ניט געבויט,
און קיינמאָל, קיינמאָל קיינער ניט
פון זיי — מיין גליק פאַרטרויט.

לייכט און שפּילעוודיק איז זייער גלאַנץ
ווי דער שוים פון יונגן וויין,
היים און צאַפּלדיק איז זייער רייץ
ווי די לוסט פון יונגן פערד —
נאָר קאַלט און פרעמד איז זייער נאָענטקייט
און אָן אימפּעט זייער האַרץ-קלאַפּן,
פּוסט און נאַריש זייער לייכטזין.
און אַהינטער זייער הייסן בליק
ליגט פייער-קעלט באַהאַלטן,
און אַהינטער זייער ליבע-פלאַם
ליגט אַ האַרץ אַ קאַלטס,
און ס'בריט דאָס פּנים זייער הייסער אָטעם,
נאָר וואַרעמט קיינמאָל ניט דאָס האַרץ...

און דו — —
ס'צעפלאַקערט זיך דיין שטילער פייער
קיינמאָל ניט אין הייסן פלאַם,
און ס'האָט דיין צניעותדיקע שפּילעוודיקייט
איר באַחנטע מאָס און צאָם.
עס וואַרעמט שטיל זיך מיין נשמה
ביי דיין אינווייניקסטן פייער,
און איך פיל דאַן ווי דו ביסט מיר
נאָענט, שוועסטערלעך און טייער.
און איך פיל דעמאָלט אין שטילן ציטער,
ווי הויך און שטאַרק און איינגעהאַלטן-וואַרעם
עס קלאַפּט דיין האַרץ פאַר מיר —
און כ'פיל דעמאָלט אין הייסן צאַפּלען פון מיין ברוסט,
ווי דו ביסט א י י נ ע נאָר פאַר מיר —
נאָר איינע אויף דער וועלט — — —

# שאָטנס

ס'שענקט די ליבע אונדז פיל בלומען
פון איר פרישן יוגנט-גאָרטן:
וויפל פּראַכט און פרילינגס-דופט
איז אין זיי באַהאַלטן דאָרטן!

עס פאַרשיכורן די בלומען-ריחות
אונדזער קאָפּ ווי שטאַרקער וויין,
און פאַרוויגן אונדז אין יוגנט-פרייד,
ביז אין גליק מיר דרעמלען איין.

אָ, איר פרישע ליבע-בלומען! —
ווי זיינט איר פּרעכטיק און ווי צאַרט! —
ווען איר אייביק בליען זאָלט
און ניט ווערן נאָר פאַרדאַרט...

# אָן דיר...

אַנטשטומט איז מיין שטימע זינט וואָכן
און ס׳קלינגט ניט מיין פריידיק געזאַנג,
מיין לירע ליגט ערגעץ צעבראָכן
און ס׳טוט אַזוי ווייטאָגדיק באַנג.

איך ווייס: אויסגעשפּילט האָט דאָך מיין לירע
נגונים פאַרשטיקטע אין מ י ר,
נאָר ס׳איז דאָך אַ יעדע מיין שירה
באַהויכט געווען זוניק פון ד י ר.

נאָר ס׳וויל מער מיין לירע ניט דינען
זינט אָפּגעקערט האָסט זיך פון מיר,
און אָפּגעטאָן האָט זיך די שכינה
און מיידט־אוים פאַר מיילן מיין טיר.

ליגט ערגעץ מיין לירע צעבראָכן
און ס׳קלינגט ניט מיין פריידיק געזאַנג —
אַזוי שוין חדשים און וואָכן
ווי ס׳הערט זיך קיין איינציקער קלאַנג...

# זיבן יאָר...

זיבן יאָר האָב איך געצייכנט
דיינע שטריכן — און אָן ענדע,
זיבן יאָר האָב איך געלייענט —
ניט פאַרענדיקט די לעגענדע.

ווי אַ רעטעניש אַ קלוגע:
שווער פאַרשטיין און שווער באַשיידן —
ווי אַ ספינקס וואָס שטייט ביים שייד־וועג
צווישן גיהנום און גן־עדן...

זיבן יאָר ווי ס׳ציט דער סוד מיך,
לאָקט די פראַגע: ווער ביסטו? —
זיבן יאָר ווי כ׳האָב פאַרלאָרן
מיין געלאַסנקייט און רו...

# פאַרוואָס?

עס קוקן אויף מיר פונעם בילד אירע אויגן
פאַרטרויערטע, בלאַסע, פול שטילן פאַרדראָס,
עס הענגט איבער זיי ווי אַ שאָטן פאַרצויגן
אַ פאַרוואורף אַ שטומער, זיך בעטנד: פאַרוואָס?

פאַרוואָס האָסטו, ליבער, אַזוי מיך פאַרלאָזן,
געלאָזן פאַרצווייפלט, צעבראָכן און מיד? —
פאַרוועלקט זיינען פלוצלונג געוואָרן די גראָזן,
אין הארצן ביי מיר האָט אַ וואונד זיך צעבליט...

פאַרוואָס האָסטו, ליבער, אַזוי מיך פאַרראַטן,
צעבראָכן מיין יוגנט, צעריסן מיין ליבע —
פאַרוואַנדלט דעם גאָלדענעם שיין אין אַ מאַטן,
העל-זוניקע טעג אין פאַרוואָלקנטע, טריבע?

פאַרוואָס האָסטו הארצלאָז אַזוי מיך צעבראָכן?
פאַרסמט האָסט מיין הארץ, אָט די ליבנדע פרומע?
פאַרוואַנדלט אין יאָמער די טעג און די וואָכן,
די ליפּן די ריינע — אין שילטנדע, קרומע? —

פאַרוואָס, אַך פאַרוואָס?

עס קוקן אויף מיר פונעם בילד אירע אויגן
פאַרטרויערטע, בלאַסע, פול שטילן פאַרדראָס —
עס האָט אויך מיין הארץ שטיל אַ טרויער פאַרצויגן
און ס'נאַגט שווער אַ פראַגע: פאַרוואָס, אַך פאַרוואָס?...

# פאַרגעס...

פאַרגעס די מינוטן פון טרויער און באַנג
וואָס איך האָב פאַרשאַפט דיר אין לעבן,
זיי האָבן געדריקט און געווייטאָגט גאַנץ לאַנג —
דאָך האָב איך אויך גליק דיר געגעבן.

און גליק מוז דאָך בלייבן פאַרקריצט אין זכרון,
אויב איין מאָל נאָר קומט עס אין לעבן:
זיין גלאַנץ ווערט אַלץ פרישער אין אַלטקייט פון יאָרן
און לייטערט נאָך אויס אויך די ליידן דערנעבן.

טאָ פאַרגעס די מינוטן פון טרויער און באַנג,
געדענק נאָר די איינע פון גליק —
כאָטש דאָס איז געשען אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג,
דערמאָנט עס אָן שעה'ן אָן זיסע צוריק...

# אונטער אַ שלאַנג

I

עס האָט זיך געטראָגן דער צוג מיט אַ שנעלקייט,
געפירט האָט אונדז ביידן פון ערגעץ צוריק —
פון דאָרט, וואו אין איינזאַמער ווייטקייט פון אויגן
געשענקט האָט מיין ליבסטע מיר בעכערס מיט גליק.

עס איז דאָן געפאַלן איר אויג אויף אַ יונגלינג —
אַ יינגל אָן וואָנצן, אַ קינד נאָך כמעט —
און אָפּגעשטעלט שטייף זיך אויף אים און פאַרהאַלטן,
ווי וועלנדיק נייגעריג באַטראַכטן אים זאָט.

ער האָט ווי פאַרוואונדערט באַמערקט אירע בליקן,
צעשמייכלט זיך שטיל ווי ר׳וואָלט עטוואָס אַנטדעקט,
און באַלד האָט ער דרייסט שוין געקוקט איר אין פּנים
מיט אויגן וואָס האָבן געשפּילט און געוועקט.

עס האָט דאָן אין האַרץ ביי מיר וואָס זיך צעטליעט
און שנעל זיך צעברענט מיט אַ צאָרנדיק כעס,
און ווייטער אַליץ פלאַמענדער, גלוטיקער, שאַרפער,
ביז כ׳האָב שוין געפילט צו איר דייטלעך אַ האַס.

איך האָב זי באַגלייט ביז איר היים דאָן שטיל־שווייגנד,
קיין וואָרט ניט דערמאָנט, מיט קיין ליפּ ניט פאַרקרימט —
עס האָט שוין מיין צאָרן געגומען זיך שטילן
און כ׳האָב שוין געוואוסט : ס׳איז מיין צוקונפט באַשטימט...

II

איך האָב זי געצערטלט און ציטעריק געטוליעט,
פאַרזיכטיק, ווייך ווי אַ קינד,
און דאַן אין פאַרטרויאונג בין פלוצלונג דערפאַרן
פון אירע פאַרגאַנגענע זינד.

איך האָב זיך אַ רים געטאָן האַסטיק מיט ווילדקייט,
ווי וואַנזיניק פלוצלונג פון שרעק,
עס האָט זיך גענומען אַלץ דרייען און מישן
אין טונקעלן גלוטיקן פלעק.

און עפּעס אַ ווייטאַג אַ שרייענדער טיפער
געדריקט האָט דאָס הארץ ווי אַ צוואַנג,
עס האָט אַרום אים זיך וואָס קאַלטעס געוויקלט —
עקלדיק־קאַלט ווי אַ שלאַנג.

עס האָט אינעם בלוט זיך וואָס גלוטיק צעצונדן,
געפלאַמט דאָרט אַזוי ווי אַ בראַנד,
עס האָט אין צעפלאַקערטן מוח געשניטן,
געשטאָכן פון ווייטאַג און שאַנד.

און זי, פּונקט ווי פריער, רואיק, געלאַסן,
דאָס פּנימל אומשולדיק־ריין,
און פרעגט מיך: וואָס בין איך דאָס פלוצלונג געבליבן
אַזוי־אַ צעטומלט שטיל שטיין.

און קוקט מיך אָן ווייטער געלאַסן און לאַנגזאַם,
די אויגן אין אומשולד פאַרהילט:
וואָס האָב איך אַ כאַפּ זיך געטאָן אַזוי פלוצלונג?
צי האָב איך מיט איר דאָס געשפּילט?

איך האָב צו דעם מיידל דערשפּירט טיף אַן עקל —
און כ'האָב איר געטרויט אַזוי בלינד! —
פאַרשטאַנען ווי טיף שוין איר גייסט איז געפאַלן,
און ווי לאַנג שוין עס ציט זיך איר זינד...

# אַ באַגעגעניש

אירע ליפּן אויסגעטריקנט —
אין טויזנט פייערן געברענט,
אירע בריסטן אויסגעזויגן —
אויסגעדריקט פון טויזנט הענט.

אירע אויגן אויסגעלאָשן —
ווי אין פינצטערניש דער ים:
ס׳האָבן טויזנטער געצערט זיי,
ביז פאַרצערט דעם גאַנצן פלאַם.

אירע הענט צום האַרץ צו זיך
האָבן טויזנטער געדריקט,
און זי אין ליבע-פלאַם האָט אַלע זיי
מיט ליבע פריי באַגליקט.

און זי טוליעט ציטערדיק
זיך צו מיר און רעדט,
און איך הער, זי וויל עפּעס,
זי שעפּטשעט און זי בעט:

שענק מיר כאָטש אַ טראָפּעלע,
וואַרף מיר צו אַ בליק —
שענק מיר כאָטש איין פינקעלע
פון דיין יונגן גליק.

כ׳שפּיר אין איר אַן עלנטקייט
און אין האַרץ ביי זיך אַ שרעק;
כ׳פיל, ווי עפּעס וואָרנט מיך:
— אַנטלויף פון איר, אַוועק!..

# מײַן גאָט און מײַן אָפּגאָט

כ׳טראָג מײַן גאָט אין מײַן האַרץ
און מײַן אָפּגאָט אויף אים:
צו זײַן בילד אַ רעמעלע
אַ גאָלדן כ׳האָב געקויפט אים.

איז מײַן גאָט אַ פֿרײַנט מיר טרײַער
אין מינוט דער שווערער:
עס באַרואיקט מיך זײַן צאַרטקייט
און איך לייד ניט מערער.

און מײַן אָפּגאָט אויף מײַן האַרץ,
אין מײַן גאָטס געשאַנק — דער רו,
מאָנט פֿון מיר מתּנות רק,
ביז ער רויבט אויך דאָס מיר צו...

# צוויי מיידלעך

באַלאַדע

ביי אַ קלאָרן וואַסער,
ביי אַ שטילן טייך,
זיינען מיידלעך צוויי געשטאַנען
און אין וואַסער טיף געקוקט.

רופט זיך שטיל די יינגסטע אָפּ
צו דער צווייטער עלטערער:

— וואָלסטו נאָר געקענט פאַרשטיין,
וואָלסטו דאָס געפילט אַליין,
ווי עס שטראָמט אין מיר דאָס בלוט,
ווי עס ברענט מיט הייסן גלוט,
ווי איך פיל מיין אייגן קראַפט
אָנגעגאָסן שווער מיט זאַפט,
ווי עס ברענט מיין אייגן סוד מיך,
זוכט אַנטפּלעקונג און באַשייד,
ווי עס גאַרט מיין הייסע יוגנט
און עס בענקט נאָך ליבע־פרייד —

— וואָלסטו דאָס געפילט אַליין —
וואָלסטו דאָס געקענט פאַרשטיין...

— און וואָלט זיך איצט באַוויזן דאָ,
אין דער איצטערדיקער שעה,
קעניג פונעם טייך־שטראָם
און גערופן מיך צו זיך
אין זיין פּאַלאַץ אין דעם וויטן —
גערן וואָלט איך מיטגעגאַנגען,
ניט פאַרקוקט גאָר אויף צוריק,
צו דער פרייד און צו דעם גליק...

רופט זיך אָפּ באַלד היים די צווייטע
צו דער ערשטער יינגערער:

— וואָלסטו נאָר געקענט פאַרשטיין,
וואָלסטו דאָס געפילט אַליין,
ווי איך פיל אין האַרץ אַ ענגשאַפט,
ווי עס נאָגט דאָרט שווער אַ בענקשאַפט,
ווי עס רייצט מיך עפּעס ווילד
רויט אין פייער־גלוט פאַרהילט,
ווי עס פלאַקערן דאָרט פלאַמען
גרייט פאַרברענען אַלע צאַמען,
ווי עס גליט און ברענט מיין ברוסט
ווילד צערייצט פון ליבע־לוסט,
ווי עס גאַרט מיין הייסער לייב
נאָך די פריידן פון אַ ווייב...
און וואָלט ווער נאָר צו מיר קומען,
אין זיין הויז מיך מיטגענומען,
גערן וואָלט איך מיטגעגאַנגען
און דערפילט זיינע פאַרלאַנגען...

— וואָלסטו דאָס געפילט אַליין —
וואָלסטו דאָס געקענט פאַרשטיין...

— און וואָלט אפילו איצט געקומען
קעניג פונעם אָפּגרונט־טיף
און מיט זיך מיך מיטגענומען
אין דער טיפעניש פון אָפּגרונט —
גערן וואָלט איך מיטגעגאַנגען
און דערפילט זיינע פאַרלאַנגען...

און ווי נאָר געענדיקט ריידן
האָט די צווייטע צו דער ערשטער,
זיינען פלוצלונג פונעם וואַסער

שטיל דערשינען צוויי געשטאַלטן:
איינס — דער קעניג פונעם וואַסער־שטראָם,
און דאָס צווייט — דער אָפּגרונט־קעניג.
יונג דער ערשטער, הויך און שלאַנק,
מיט אַ פאַרפירערישן שמייכל,
און דער צווייטער — אַלט און גרוי,
מיט אַ מויל צעפוילטע ציין...

האָט דער ערשטער באַלד געגעבן
זים אַ שמייכל צו זיין מיידל,
און דער צווייטער אויסגעשטרעקט
האָט זיין ביינערדיקע האַנט...
ביידע האָבן זיי גערופן
יעדער איינער אין זיין פּאַלאַץ:
אינעם פּאַלאַץ פונעם וואַסער־שטראָם
און אינעם פּאַלאַץ פונעם אָפּגרונט־טיף...

ס׳האָבן ביידע מיידלעך זיך
אָנגעקוקט דערשראָקן,
און פאַרגאַפט פון גרויסן וואונדער,
און געפאָלגט נאָכן באַפעל,
זיינען פלוצלונג ביידע גלייך
אריינגעשפרונגען אינעם טייך — — —

— — — — — — — — — — — —

פאַרשוואונדן זינט פון דעמאָלט זיינען
ביידע מיידלעך פון דער ערד:
ס׳וואוינט ערגעץ די ערשטע ווייט
אינעם שטראָמען־גאַנג פון טייך,
און די צווייטע וואוינט וואו טיף
אינעם פּאַלאַץ פונעם אָפּגרונט...

# פרימאָרגנס

I

שטיל-עניוותדיק און צניעותדיק פאַרשעמט
רויטלט זיך דער פרילינגס-מאָרגן
מיט אַ לייכטער שעמעוודיקער פאַרב,
ווי ער וואָלט אַ סוד פאַרבאָרגן;
ווי ער וואָלט אַ סוד געטראָגן
אין זיין יונגער שטילער ברוסט —
אַ סוד אַ קינדערישן, שעמעוודיקן,
ווי די ערשטע מיידל-לוסט...

און ערגעץ אין אַ ווייטן צימער
שטיל, נאָר זיך אַליין פאַרטרויט,
ליגט אַ מיידל, גאָר אַ קינד נאָך,
אין איר יונג-מיידלשן בעטל,
און ביים אָנקומען פון מאָרגן-שיין
האָט זי פּלוצלונג זיך דערוואוסט
פון איר ערשטן מיידל-סוד,
פון איר יונגער פרויענשאַפט...
פאַלט צום ערשטן מאָל איר בליק
אויף איר קליינער מיידל-ברוסט,
צערויטלען ראָזיק זיך די בעקלעך,
שרעקעדיק און נייגיר-פול —
און צום ערשטן מאָל אין לעבן
פרוי-באַוואוסטזיניק פאַרשעמט...

## II

זוניק-היים און פלאַמענד-גלוטיק,
אין זיין קלייד דער אָפּנבוזימדיקער,
האָט צעשפּיליעט זיך דער זומער-מאָרגן
גאָר אָן בושה און אָן שאַנד.
גליט פון אויבן פלאַקערדיק דער הימל,
שטעכט מיט בונטן בריענדיקע שפּיזן,
און גיסט אַראָפּ פון דאָרטן גאַנצע כוואַליעס
פלאַמענדיקן בוימאויל אויף דער ערד,
און צעגיסט עס פרעך און פריי...

און ערגעץ-וואו אַ יונגע מויד,
אַ רויטע, אַ געזונטע,
האָט געשטעלט זיך ביי דער שוועל פון טיר
פאַר דער גליענדיקער זון,
און צעשפּיליעט פריי איר בוזים,
און צעלאָזן אירע בריסט,
און מיט יעדן דורכגייער
פלאַמיק זיך געררייצט...

III

ס׳קנאַקט אין דרויסן היים דער פראָסט
אינעם ווינטער־מאָרגן,
גליט מיט ברענענדיקער קעלט.
יעדער הויך זיינער אין פּנים
בריט מיט טויזנט נאָדלשטעכן,
יעדער אָטעם זיינער שפּריצט
מיט טויזנט פלאַמענדיקע ווייסע פונקען,
און עס שפּייט דער פראָסט אַ יעדערן אין פּנים
מיט האַרץ־פאַרכאַפּנדיקער שטעכל־גלוט,
מיט עקלדיקן ווייסן פלאַם...

און ערגעץ אין אַ ווייטן צימער,
אין אַ ווייך־צעבעטער בעט,
ליגט אַ פרוי פון אָנהויב עלטער
אין איר נאַכט־קלייד גרייט־צעשפּיליעט,
מיט אַ ראָז־פאַרפלאַמטן פּנים,
מיטן ברען פון תאווה־גלוסט
אין זיין גסיסה אין דער לעצטער,
און אין אומרו פון דער אָפּשטאַרבנדער לוסט
וואַרט אויף איר געליבטן...

IV

גיסט און גיסט אַן אויפהער גאָר
דעם גאַנצן האַרבסטיקן פרימאָרגן
אַ דראַבנער זשוואַווער רעגן.
פלאַטערט-אום אין נאַסער לופט
אַ פייכטע קעלט אַ בייסיקע
און דרינגט אַדורך דורך קלייד און לייב
אין האַרצן און נשמה,
און מיט טעמפּע שפּיצעלעך
שטעכט דאָרטן און שטעכט...

און ערגעץ-וואו אין קיך ביים פענסטער
זיצט אַ פרוי אַן אַלטע, גרויע,
מיט אַ פּנים קאַרב-צעקנייטשטן,
מיט אַ בליק פאַרלאָשן-קאַלטן —
זיצט ביים פענסטער טיף-פאַרקלערט,
שטיל און אומעטיק פאַרטראַכט.
און זי טראַכט פון אַלטע טעג
וועלכע זיינען שוין פאַרלאָרן,
און זי טראַכט פון שווערע זינד
פון די ווייטע יונגע יאָרן...

# אַנשטאָט אַ ווידמונג

...און ווען נישט האָב איך מיין ליד
אין ליבע-פלאַם געווידמעט,
און ווען נאָמען — לייכט צי ניט —
אין פערזן שיין געריטמעט.

און יעדע האָט אַלס דאַנק פאַר דעם
אַ פונק מיר נאָר געשענקט:
אַ בליץ געטאָן — פאַרלאָשן זיך,
געלאָזן שטיין פאַרבענקט.

און איצט ווען כ׳שרייב מיין בוך שוין אויף —
ניטאָ וועמען צו ווידמען...
ווי אויסגעמעקט די נעמען גאָר
פון יענע שיינע ריטמען...

רייס אַרויס זיך פונעם האַרצן,
אָנגעווייטאָגט ליד מיין,
און צעטראָג זיך צו די מענטשן
אינעם קלאַנג פון ווי און פיין.

אינעם וואַלד דער פרייער פויגל
אויך ניט שטענדיק פריי זיך פליט,
און אין טרויער פונעם אָוונט
ווערט פאַרשטומט זיין פריידיק ליד.

און אין פרילינג איז דער הימל
אַזאַ לויטערער און בלויער,
דאָך אין ערגעץ-וואו אַ ווינקל
רוקט אַ וואָלקן אָן אַ טרויער.

און די יוגנט שענקט ניט יעדן
פולע זעקלעך גאָלד און גליק:
ס'טרעפט, אַז ס'גנבעט-צו אַ מלאך
זיי נאָך ביי דעם קינד פון וויג...

— — — — — — — — — — — —

רייס אַרויס זיך פונעם האַרצן,
אָנגעווייטאָגט ליד מיין,
און צעטראָג זיך צו די מענטשן
אינעם קלאַנג פון ווי און פיין...

איך ווייס: עס איז מיין ליד ניט ניי,
און אפשר אויך גאָר אַלט,
נאָר ס'פרעגט ניט ווי און וואָס
דער טראָפּן טינט וואָס פאַלט...

און אויך געפילן זיינען
אומאָפּהענגיק און פריי,
און פרעגן ניט ביי קיינעם,
צי אַלט זיינען, צי ניי.

עס וואַכן טיף געפילן
אין הארצן שטילערהייט,
און זינגען דאָרט ניגונים
פון טרויער און פון פרייד.

זיי פרעגן קיינמאָל קיינעם,
צי אַלט זיינען, צי ניי —
נאָר זיך און זייער בענקשאַפט
זיי בלייבן אייביק טריי...

# פאַרנאַכט

עס ציען זיך שאָטנס — לענגלעכע, בלייכע,
און שפּרייטן זיך אויס אויף דער ערד;
עס שווייגן אין טרויער די וואַלד־ביימער הויכע,
עס הענגען די צווייגן שטיל, ווי פאַרקלערט.

די זון לאָזט אַראָפּ זיך פון הימל אַלץ רויטער,
פאַרנעמט זיך אַלץ נענטער צו מערב־זייט צו;
עס ווערן די שאָטנס אַלץ לענגלעכער, ברייטער,
עס קלייבט זיך דער טאָג צו זיין נאַכטיקער רו.

און אומעטיק ווערט אויפן האַרץ עפּעס פּלוצלונג,
אַ בענקשאַפט אַ שווערע הויבט נאָגן אָן שטיל —
זי צאַפּלט אין האַרצן און וואַרפט זיך אין אומרו,
און עפּעס־וואָס מאָנט זי און עפּעס־וואָס וויל...

# מיין בענקשאַפט

עס פאַלט אויפן אַספאַלט פון שטיינערדיקער שטאָט
דער אומעט פון מיין בענקשאַפט,
נאָר אין גערויש פון ווירבלדיקן מענטשן־דראַנג
קערט ער אום זיך באַלד צוריק צו מיר.

עס לאַכט צו מיר דער פריילעך־פרעכער שיין פון שוי־פענצטער און ווינקט,
נאָר פרעמד קלינגט איצטער זיין געלעכטער מיר,
עס בלענדט דאָס אויג מיר זיין עלעקטריש־שאַרפער גלאַנץ
און שטויסט אַנטקעגן־איבער מיך צו טונקעלערער זייט.

עס זשומט אין אויער דער גערויש פון נאַכטיק־הייסער שטאָט,
און פאַר נאָך פאָרל שווימט פאַרביי אין לוסטיקן געפלאַטער,
עס שניידט אַדורך זיך פאַרביי אויג אַ פלאַמענדיקער בליק, אַ וואונק,
אַ צוזאָג —
נאָר וואָס גייט־אָן מיר איצטער פרעמדער גליק!

און אינעם ליכט־געבליאַסק פון פלאַמענדיקער לוסט און שרייענדיקער פרייד
פיל איך דייטלעך דאָך דעם אומעט פון מיין בענקשאַפט —
ער פאַלט אויפן אַספאַלט פון שטיינערדיקער שטאָט
און שלאָגט זיך אָפּ אָן אים און קומט צו מיר צוריק...

# מיין היים

...און זאָלן די אינדן פון ים מיך פאַרטראָגן
אויף ברעגן פול שטורמישן פאַרב־רייכן לעבן,
וועל איך צו מיין אָרעמער עלנטער היימאַט
אין בענקשאַפט אין קינדערשער שטענדיק נאָר שטרעבן.

..און זאָלן די ווינטן פאַרטראָגן אַהין מיך,
וואו אייביק אין זון־שיין די פעלדער גרין בליען —
וועט מיך מיין נשמה אַהין אין מיין היימאַט
צו אירע פאַריתומטע פעלדער נאָר ציען.

ווי טייער און ליב איז מיין אָרעמע היים מיר : —
די בלאַסע אין ווייכע און צערטלעכע פאַרבן :
איך האָב דאָרט מיין שטורמישן וועג אָנגעפאַנגען
און וויל אויך אין רואיקן טויט דאָרטן שטאַרבן...

# איך טרוים ניט...

איך טרוים ניט פון רייכע פּאַלאַצן
מיט רייצנדער בלענדנדער ליכט,
איך טרוים ניט פון גאָלדענע קרוינען
באַזעצטע מיט פּערל געדיכט.

איך טרוים ניט פון נעכט פול מיט שטורעם,
באַגלייטע פון וויין און געלעכטער,
וואו ס׳צינדן ביים שוים פון באָקאַלן
דאָס בלוט אָן מיט גלוט חוהם טעכטער...

איך טרוים נאָר פון ווייטע געצעלטן,
אַליין אין אַ ווינקל אַ שטילן,
וואו ס׳פליסט זיך דאָס רואיקע לעבן
באַגלייט פון די ריינסטע געפילן.

וואו ס׳פליסן די יאָרן אין זון-שיין
באַשיצטע פון וואָלקנס פון טריבע,
און ס׳וואַרעמט זיך ווייך די נשמה
ביים פייער פון גלויבן און ליבע...

# מיין טרוים

איך טרוים פון אַ שטילן און הייליקן טעמפּל,
וואו ס׳וואוינט אַ פאַרבענקטע, פאַרחלומטע געטין,
און ס׳ברענט דאָרט מיין האַרץ ׳שטאָט אַ הייליקן לעמפּל,
און כ׳קני פאַר איר שטיל אין באַגייסטערטן בעטן.

און ווען עס פאַרציט זיך מיין הימל מיט גרויען,
עס רוקן זיך וואָלקנס באַזוימטע מיט שוואַרצן —
איך קום דאַן אין טעמפּל צו איר זיך פאַרטרויען,
און גרינגער ווערט, רואיקער מיר אויפן האַרצן.

און ווען אַ באַגייסטערטער טרוים איז געבאָרן
און ס׳ווילט זיך מיט וועמען אַ נאָנטן אים טיילן;
אַ שלעכט-ווּיסטער חלום געשאַפן האָט צאָרן —
איך גיי אינעם טעמפּל זיך קלאָגן, דערציילן.

אין פריידן און ליידן, אין שמחות און נויטן —
איך טראָג זיי אין טעמפּל אין הייליקן, שטילן:
איך האָב דאָרט מיין געטין — אַ נאָנטן, אַ צווייטן,
פאַר וועמען כ׳גיס-אויס מיינע טיפסטע געפילן...

# מיין צימער

אַוועק זיינען יאָרן — פאַרגאַנגענע, שיינע,
אַוועק שוין אויף אייביק אָן אומקער צוריק,
פאַרטראָגן אין ווייטקייט חלומות אויך ריינע,
וואָס האָבן דער יוגנט געשפּונען אַ גליק.

אַוועק אינעם רוים אין דעם נעבלדיק-בלייכן,
אַוועק ווי אַ שאָטן גאָר אומבאַמערקט-שטיל —
פאַרבליבן פון פריער קיין איינציקער צייכן,
פאַרבליבן פאַר שפּעטער קיין האָפנונג, קיין ציל...

געבליבן איז מיר נאָר מיין איינזאַמער צימער,
דער עדות דער שטומער פון יאָרן צוריק,
ווען ס׳האָט אין פאַרנאַכטיקער שטילקייט אינטימער
געוועבט זיך די יוגנט אַ גאָלדענעם גליק.

געבליבן איז מיר נאָר דער צימער דער שטומער,
וואָס רעדט מיר צום האַרצן, דערציילט אַזויפיל —
און ס׳טרעפט אין אָן אָוונט, פאַרטרייבט דאָס דעם אומער,
און שטיין בלייבט דאָס האַרץ דאַן באַרואיקט און שטיל...

* *
*

עס נאָגט דאָס האַרץ אין מיר פון טיפער בענקשאַפט
וואָס עגבערט דאָרט אַ לאָך און גראָבט שטיל ווי אַ וואָרעם,
און כ׳פיל ווי ס׳פלאַצן דאָרט אין מידער ענגשאַפט
אַקאָרדן לעצטע — און פוסטער ווערט און נאַקעט־אָרעם.

אַרום טראָגט לעבן זיך און פריידן־שאַלן,
וואָס שניידן־דורך די גאַנצע וועלט די ברייטע,
נאָר ס׳זיינען אויסגעטריקנט אַלע לעבנס־קוואַלן —
און ס׳ליגט פאַר מיר די וועלט אַ טויטע.

אַך, טרוימען ליבסטע, הייליקע און צאַרטע,
און קינדהייט ווייטע, שיינע — אַצינד וואו ביסטו? —
פול דאָס לעבן איז מיט שטיינער האַרטע,
און די וועלט די ברייטע — איז אַ וויסטע...



אַ האַרבסט-טאָג אַ כמאַרנער דאָס גאַנצענע לעבן:
דער זומער — ניט וואַרעם, דער פרילינג — ניט ליב;
ס'פאַרוועלקט יעדעס בלימל אין מיטן זיין בליען,
ס'פאַרגייט יעדער טרוים — עלנט און טריב.

ס'ווערט קיינמאָל קיין תפילה אין האַרצן געבוירן,
ס'ווערט קיינמאָל קיין גאָט אויף די ליפּן געבראַכט —
ניטאָ גאָר קיין גאָט! און פאַלש יעדע תפילה! —
עס הערשט אויף דער וועלט נאָר אַ פינסטערע נאַכט...

און אומעטיק-בענקענד פאַרגייען די יאָרן,
אַלץ לעכצנד נאָך עפּעס אָן אינהאַלט, אָן זין —
ס'געפינט ניט דאָס האַרץ קיין רו אינעם לעבן,
וואַרפט-אום זיך אין ספקות אַהער און אַהין...

*   *
*

אין ווייטע פּאַלאַצן אין שטילע,
הינטער מאַטן גלאַנץ פון שויבן
שווער באַהאַנגען מיט גאַרדינען,
הינטער טירן מיט פּאָרטיערן גרינע,
אין אַ צימער אין אַ שטילן,
רוט די אמתע די אַלטע
היילינג-טרייע ליבע —
רוט דאָס אַלטע גליק.

...און אין מיין הארץ דעם איינזאַמען און שטילן:
צעווייטאָגטן פון ליידן און פון פּיין,
צעריסענעם פון צער און האָפנונג,
פלאַטערט שטום אַ שטילע בענקשאַפט,
נאָך דעם ווייטן שטילן פּאַלאַץ,
נאָכן ווייטן שטילן גליק...

# אַ מאַמע

אַלטע, טרייע מאַמע
פון דער קינדהייט-צייט —
וואו ביסטו עס אַצינד?
ווי וואָלט איך ביי מיין יוגנט,
ביי מיין גאַנצער קראַפט,
דאָך ווידער וועלן זיין
ווי אַמאָל אַ קינד...

כ׳געדענק, איך האָב אַמאָל
געטרוימט פון יענער צייט,
ווען איך וועל ווערן גרויס;
נאָר ווי וואָלט איך אַצינד
די גרויסקייט מיין פאַרביטן
אויף איין מינוט פון גליק
צו אָנשפּאַרן דעם קאָפּ
אויף אַ מאַמעס שויס...

צו דער ערד פאַר איר
וואָלט איך מיין קני געבויגן,
און מיין הייסן קאָפּ
אויף איר שויס וואָלט לייגן.

און זי וואָלט מיט ליבשאַפט
דאָך מיין קאָפּ געגלעט,
און איך וואָלט אַזויפיל
דאַן צו איר גערעדט!...

כ׳וואָלט גערעדט, דערציילט איר
פונעם שלעכטן לעבן,
ווי עס האָט מיר גאָרנישט
פונעם גליק געגעבן.

ווי עס איז דאָס לעבן
בלויז פאַר מיר אַ קוואַל,
וואו איך שעפּ נאָר ליידן,
ביטערניש און גאַל.

ווי עס גאַרט דאָס האַרץ מיינס
גלייך מיט אַלע — פריידן,
נאָר עס שענקט דאָס לעבן
שטענדיק בלויז מיר ליידן.

און עס וואָלט די מאַמע
ליידנד אַלץ געהערט,
און עס וואָלט איר אויג שטיל
אומבאַמערקט געטרערט.

און עס וואָלט איר האַנט ווייך,
צאַרט און טריי געגלעט,
און זי וואָלט פאַרוויגט מיך —
אַזוי שטיל גערעדט.

פון גליק און לייד גערעדט,
פון טרויער און פון טרייסט:
אַ מאַמע אַלצדינג פילט דאָך,
אַ מאַמע אַלצדינג ווייסט...

און אפשר וואָלט אין האַרץ זיך
אָנגעצונדן שטיל אַ פייער:
פון איר מוטער־ליבשאַפט,
פון איר ווייכקייט טרייער.

און עס וואָלט דערוועקט זיך
גלויבן נייער, האָפן —
און זאָרגלאָז אויף איר שויס וואָלט איך
ווי קינדווייז איינגעשלאָפן...

און אפשר וואָלט אין שלאָף איך
פאַרשלאָפן אַלע זאָרגן,
און אויפגעכאַפּט זיך שפּעטער,
ווי אַ קינד אינעם פרימאָרגן...
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
אַך, דו אַלטע טרייע מאַמע,
וואו נעמט מען דיך אַצינד? —
ווי וואָלט איך ביי מיין יוגנט
דאָך וועלן זיין אַ קינד,
און אָנשפּאַרן מיין קאָפּ ווייך
אויף דיין מוטער־שויס,
און אויסוויינען זיך קינדיש —
כאָטש איך בין אַזוי גרויס...

# שטערן און גליק

יעדער מענטש האָט אין הימל זיין שטערן,
יעדער מענטש האָט אויף דר׳ערד אויך זיין גליק —
און הויבט-אָן דער ערשטער פון אויבן צו פאַלן,
דאַן קערט זיך דאָס צווייטע צוריק...

ווייל גליק איז צו שטערן געגליכן:
עס רייצט זיך מיט גאָלדענע שטראַלן,
עס גלאַנצט מיט ברילִיאַנטענעם שיין —
און פלוצלונג הויבט-אָן עס צו פאַלן...

ווי שטערן איז גליק אויך ניט זיכער:
ס׳צערט-אוים זיי פון מענטשן דער בליק;
עס פילט צו זיי גאָט אויך אַן אייפער —
דאַן קערן זיךביידע צוריק...

# יוגנט

ווי די זון — די יוגנט,
ביידע גלייך אינעם פרימאָרגן:
ברענען, פלאַקערן און גליען,
שטיפן, שפּילן זיך אָן זאָרגן.

נאָר ניט גלייך איז דער פאַרנאַכט:
אויפן הימל־ראַנד אין פּורפּור־זוימען
פאַרגייט די זון אין שטילער פּראַכט,
באַוועבט מיט טויזנט צוקונפט־טרוימען.

און די יוגנט אין איר ענדע
ווערט פון טרויער־ליד באַגלייט:
ס'איז דאָס פ ר י ע ר אַ לעגענדע,
און דער ש פּ ע ט ע ר איז דער טויט...

# איך ווייס...

איך ווייס: איך בין ניט יהושע בן־נון
און קען ניט פאַרהאַלטן דעם טאָג אין זיין גאַנג,
אַז לענגער ווי שטענדיק זאָל שיינען די זון
און שפּעט ווי נאָר מעגלעך זאָל זיין איר פאַרגאַנג.

איך קען אויך די צייט ניט פאַרהאַלטן,
אַז אייביק זאָל פרילינג נאָר זיין,
און אויפוועקן מיך אַ צעשטראַלטן
זאָל זון יעדעס מאָל מיט איר שיין.

די יוגנט פאַרגיין זאָל ניט איילן,
ניט אויסלעשן זיך פון מיין בלוט:
די יאָרן ווי ליכטיקע ציילן,
ווי שטערן אַ יעדע מינוט.

עס פאָלגט ניט די צייט מיין פאַרזאָג,
מיין וואונטש ווערט פון איר ניט געאַכט —
עס רוקט זיך פּאַמעלעך דער טאָג
און ביסלעכווייז פאַלט־צו די נאַכט...

# דער זייגער

דער זייגער, ער ציילט די מינוטן און שעה׳ן,
פאַר מער — זיין באַגריף איז צו קליין;
די יאָרן זיי דאַרפן קיין ווייזערס —
זיי קומען און גייען אַליין.

די ווייזערס זיך רוקן פּאַמעלעך,
יעדע סעקונדע אַ טיק;
די יאָרן, זיי לויפן אָן אָפּהאַלט,
ווי פּאַסן אין גאַנג פון פאַבריק.

דער זייגער, ער ווייס פון קיין צייטן:
זומער און ווינטער גאַנץ גלייך;
די יאָרן זיך האַלטן אין בייטן,
פאַרשווינדן ווי בלעזלעך אין טייך.

דער זייגער, ער קלאַפּט־אויס די שעה׳ן,
די ווייזערס זיך שטילערהייט רוקן פאָראויס;
די יאָרן — זיי קומען און גייען,
ביז ענדלעך — זיי לאָזן זיך אויס...

# יאָרן

יאָרן לויפן, יאָרן טראָגן,
ווי אַ פערד געשפּאַנט אין וואָגן:
ביידע לויפן אין גאַלאָפּ —
באַרג־אַראָפּ און באַרג־אַראָפּ...

יאָרן לויפן, יאָרן טראָגן,
איינס דאָס צווייטע וויל דעריאָגן:
ווי די רוחות אין געוויטער
שפּרינגט נאָך צוויי שוין באַלד דער דריטער...

יאָרן לויפן, יאָרן פליען,
אין אַ ווייטקייט ערגעץ ציען —
אין אַן אומבאַקאַנטן רוים,
אין אַ פינסטער־שוואַרצן תהום...

אָט געוועזן דאַכט זיך אַ קינד,
אָט שוין פול מיט שווערע זינד —
אָט געוועזן דער אַנהויב נאָר,
און אָט גייט דער סוף שוין גאָר...

# טויט

עס זינגט דאָס יונגע פייגעלע
אין פרייען וואַלד אַליין,
עס שפּרינגט פון צווייג אויף צווייגעלע
און היפּט פון בוים צו בוים.

עס זעט גאָרניט דאָס פייגעלע
דעם יעגער וועלכער לויגט,
וואָס האָט הינטער אַביימעלע
זיך גנביש־שטיל פאַררוקט.

ער האָט פאַרמאַכט דאָס אויגעלע
און צילט זיך ווי אַ קאַץ — — —
עס ליגט שוין טויט דאָס פויגעלע
פון פלוצלונגדיקן באַץ...

---

עס שטייט אַ יונגער העזעלע
אין גאָרטן אויף אַ בייט,
ער קייט זיך שטיל אַ גרעזעלע
און קלערט גאָרניט פון טויט.

נאָר זעט דאָרטן דעם גרויסן הונט,
וואָס שטייט אַזוי פאַרקוקט —
דערשמעקט האָט ער דאָס העזעלע
און האָט עס גלייך פאַרצוקט...

---

עס שפּילט אַ קליינטשיק יינגעלע
זיך פריידיק אויפן גאַס,
עס גלאַנצן זיינע אייגעלעך
פון קונצן און פון שפּאַס.

ער שפּרינגט און לויפט און טאַנצט אַרום,
עס קלינגט זיין שטימע העל —
ער זעט גאַרניט דעם וואָגן דאָרט,
וואָס טראָגט אויף אים זיך שנעל.

עס לויפן מענטשן גיך, געשווינד,
דאָס קינד צו רעטן גרייט:
אויף איין סעקונדע בלויז צו שפּעט —
און ס'ליגט דאָס קינד שוין טויט...

* *
*

מיינע נעכט זיינען אָן ליבע,
איינזאַמע אין בעט אין קאַלטן,
גייען דורך פאַרלאָשן-טריבע,
ווי ביי אַ מאַן אַן אַלטן...

ניטאָ ווער ס'זאָל מיין בעט דערוואַרמען,
לעשן ווען מיין שאַרפע גלוסט,
ווער ס'זאָל מיך היים און שטייף אומאַרמען,
דריקן צו אַ ווייכער ברוסט...

און אָן ליבע — וואָס קען געבן ?
שטייט מיין בעט פאַרלאָזן-קיל —
גייט אַדורך דאָס גאַנצע לעבן
פאַרבלאָז, טרויעריק און שטיל...

* *
*

איך בין צו־שטאָלץ צו בעטלען ליבע
און ווייס דערפון, איך זאָל עס קויפן —
און אָן ביידע קאָן איכ׳ס ניט באַקומען;
ציען זיך אַוועק די טעג און יאָרן טריבע,
איינס פון צווייטן איילן צו אַנטלויפן —
וועלקן־אויס אין גאָרטן ניט באַשפּריצט די בלומען...

און אין הארצן ווערט אַלץ פּוסטער,
עפּעס, פּיל איך, דאָרטן פעלט;
עלנט שטיי איך אין אַ נאַכט אַ וויסטער,
ציטער־אויף פון שרעק און קעלט...

# מיין לעבן

איינזאַם איז מיין לעבן, טרויעריק און טריב,
אָן אַ האַרציק וואָרט ווען, אָן אַ פריינטלעך בליק;
קיינער גאַרט מיין פריינטשאַפט און איך האָב קיינעם ליב,
פרעמד איז דאָס געפיל מיר פונעם מענטשלעך גליק.

איינזאַם און פאַרצאָרנט בלאָנקע איך אַרום,
ווי אַ פרעמדער צווישן דעם גערויש פון גאַס:
ס׳בלייבט מיין האַרץ פאַר אירע פריידן שטום,
ס׳איז נאָר פול מיט קנאה און מיט כעס.

און וועקט אין דעם גערויש זיך אויף מיין מידער בליק
און פאַלט אין דעם געטומל אויסגעלאָשן, שטאַר,
דערזעט ער דאָרט אַ קוואַל, וואו אַלע שעפּן גליק —
ווערט טיפער נאָך מיין ווייטאָג, ווערט עלנטער מיין צער...

# אין שטילן הויז

...און איינמאָל אין אַ נאַכט נאָר
אַריינגעדרונגען האָט אַ שטראַל,
אַ העלער און אַ ליכטיקער,
אין דער געדיכטער פינסטערניש,
און אָנגעפילט דאָס גאַנצע הויז
מיט האָפנונגס-שיין און ציטער.
געמיינט: עס וועט שוין בלייבן ליכטיק...

אין אַלע צימערן און זאַלן
אָנגעצונדן האָט מען אַלע לאָמפּן,
אין אַלע צימערן און זאַלן
האָט מען ווייס פֿאַרשפּרייט די טישן —
און געזעצט זיך וואַרטן.

נאָר געקומען איז ניט קיינער,
ווי נאָר לאַנג מען האָט געוואַרט
און ווי לאַנג מען האָט זיך צוגעהערט.

און אויסגעלאָשן אַלע לאָמפּן
האָט מען ווידער באַלד צוריק,
און אויסגעשפּרייט די טישן ווידער
מיט סערוועטן טונקל-פּליושענע —
און ווידער איז אין שטילן הויז
געוואָרן פינצטער ווי געווען...

# מיין טרויער

דער שניי איז שטיל און בלאַס און צאַרט,
און אויך אַזוי מיין טרויער:
איבערביידן ווי אַ טרוים
הענגט אַ הויך אַ בלויער.

שפּעטער וועט אַרוים די זון
און עס וועט דער שניי צעגיין —
נאָר צי וועט מיין טרויער אויך
דאַן מיט אים פאַרגיין?

ס'איז מיין טרויער ווי דער שניי דאָך
שטיל און בלאַס און צאַרט,
נאָר דער שניי איז ווייך און פוכיק —
און מיין טרויער איז דאָך האַרט...

און ווען ס'שיינט אַרוים די זון,
הויבט דער שניי אָן באַלד צעגיין;
נאָר מיין טרויער שפּאַרט זיך איין —
און ער וויל אָן מיר ניט גיין...

* *
*

זיי אַ שוועסטער מיר, געליבטע,
אין מינוט פון צער און טרויער,
ווען עס דריקט דאָס האַרץ אַן אומעט
און אַ יאוש נאָגט אַ גרויער.

ווען דאָס האַרץ איז פול מיט צווייפל
און עס הערט ניט אויף צו קלעמען:
וויינען ווילט זיך אַזש פון וויטאָג,
ווען איך וואָלט זיך נאָר ניט שעמען — — —

זיי אַ שוועסטער דאַן, געליבטע,
צו דיין האַרץ מיך טוליע-צו,
כ׳זאָל אין שוועסטער-ליבע טרייער
פון מיין פיין געפינען רו.

כ׳זאָל אין שוועסטער-ליבע טרייער
אויף דיין ברוסט דער ווייכער, צאַרטער,
שטיל פאַרשלאָפן מיין פאַרצווייפלונג
אין איר שעה דער שווערער, האַרטער.

זיי אַ שוועסטער מיר, געליבטע,
אין מינוט פון צער און טרויער,
זיי אַ פריינט מיר אין מיין עלנט,
ווען דער יאוש נאָגט דער גרויער...



עס איז מיין האַרץ פאַרשלאָסן
פאַר נאָנטע און פאַר פריינט,
עס פאַלן איינזאַמע די טראָפּנס
פון שטומען האַרץ, וואָס וויינט.

וואָס קאָן אַ פריינט מיר העלפן?
אַ נאָנטער מיט זיין דאגהן? —
זיי וועלן שטיל נאָר שאָקלען
מיטן קאָפּ און שווייגן...

ס'איז מיין האַרץ פאַרשלאָסן
אויך פאַר טאַטע-מאַמען:
צי קאָן איך מיט זיי טיילן
מיינע לייד צוזאַמען?

עס טרויערט אָפּט מיין מאַמע:
„מוזט, קינד, זיין נישט-געזונט..."
היינט גיי דערצייל אַ מאַמען,
אַז ס'נאָגט דאָס האַרץ אַ וואונד...



ווערעם האָט זיין אָרט, ייִדער
וואָס פון שונא אים פארשטעלט,
און דער שלאַנג — אַ הארטן שטיין,
וואָס באַשיצט פון ווינטער-קעלט.

נאָר איך איינער קריג קיין אָרט
פון מיין טרויער, פון מיין לייד:
ווי אַ שאָטן שטילערהייט
אויף מיין וועג מיך רק באַגלייט...



בוי איך מיר אַ נעסט אויף וואַסער,
טראָגט עס גלייך דער שטראָם אַוועק —
בלייב איך שטיין פאַרלאָזט און איינזאַם
אויפן וויסטן פוסטן ברעג.

בוי איך מיר אַ נעסט אויף זאַמדן,
טראָגט עס גלייך דער ווינט אַוועק —
בלייב איך שטיין אין ברייטן מדבר,
אינעם ווייטן אָן אַן עק.

וואו כ'זאָל בויען, וואו כ'זאָל שאַפן,
קומט דער ווינט, דער שטראָם צעשטערט —
בלייב איך אָן אַ וויג צו רוען
ניט אויף וואַסער, ניט אויף ערד...

# אָן אַ היים

אויף אַלע ברייטע וועגן
האָט מיין פוס געטראָטן,
אויף אַלע זאַמדן־שטעגן
האָט מיין פוס געקנאָטן.

און אומעטום, וואו כ׳האָב זיך
רוען אָפּגעשטעלט,
האָב איך פאַר זיך געבויט באַלד
דאָרט אַ קליין געצעלט.

ליגן אומעטום אויף וועגן
מיינע היימען אויסגעשפּרייט,
אויף דער ערד דער גרויסער
דאָ און דאָרט צעזייט.

און בין איך ענדלעך מיד דאָך
פון וואַנדערן און גיין,
און זוך אַ שטילן ווינקל,
אַ וואַרעם־ליבע היים —

זע איך טויזנט ווינקלען
דאָ און דאָרטן שטיין,
נאָר איך האָב קיין איינעם
כ׳זאָל קענען רופן היים...

# מיין זוימען

אויף אַלע ברייטע וועגן
האָב איך מיין זוימען אויסגעשפּרייט,
אויף אַלע וויסטע ברעגן
האָב איך אַ קערנדל פֿאַרזייט.

נאָר פּרוכטלאָז איז די ערד געבליבן
נאָך יעדער הייסער זומער־נאַכט,
און אומזיסט האָב איך מיין שוויים געטריבן:
עס האָט קיין פּרוכט דאָך ניט געבראַכט.

און איז אַמאָל ווען ערגעץ־וואו דאָך עפּעס אויפגעגאַנגען —
האָט אויפגעבליט דערפון אַ שטעכעדיקער דאָרן:
ס'האָט קיינמאָל ניט צעוואַקסן זיך אין זאַנגען
און ניט צעבליט זיך — דער פֿאַרזייטער ווייץ און קאָרן.

וויים איך ניט, וועמען האָט אַמאָל די אַלטע זקנה —
צי די ערד, צי מיך פֿאַרפלוכט,
נאָר איך וויים, אַז ס'האָט מיין זוימען קיינמאָל קיינע
ערד ניט אויסגעצירט אין פּרוכט...

# בײנאַכט

אָ, װינקעלע שטילינקס,
אין האַרצן פאַרבאָרגן,
דאָרט ליגן באַהאַלטן
דער טרויער און זאָרגן;

דאָרט ליגן באַהאַלטן
דער צער און לײדן —
פאַרשטעלטע פאַר אַלע,
באַװאוסט נאָר אונדז בײדן.

בײטאָג פאַר באַקאַנטע
באַהאַלטן אַ שמײכל:
זײ זאָלן באַדויערן? —
מוחל, אַ מוחל!...

אַ קניפּ אין די באַקן
ס'זאָל גלאַנצן אַ רויטקײט —
צי װײס װער, װי ס'הערשט דאָן
אין האַרצן אַ טויטקײט?...

נאָר װען עס קומט אָנ'עט
די נאַכט מיט איר שפּעט:
עס שלאָפן לאַנג אַלע,
בלויז איך װאַך אין בעט —

איך נעם דיך אַרױס דאָן
אָ, װינקעלע מײן,
אַזוי װי אַ בעטלער
דאָס בײטעלע זײן,

און הויב־אָן צעליינגן
אין קופּקעס און רייען:
שאַנדע און ווייטאָג
און פּײַנלעכע ווייען.

און צייל זיי, און צייל זיי
ביז שפּעט אין דער נאַכט —
דאָך אַלץ קיין סך־הכל
פון זיי ניט געמאַכט...

זיי ליגן צעלייגטע
אין שטילינקע רייען,
נאָר פּײַניקן שרעקלעך
און ברענענדיק ווייען.

די נאַכט איז שוין שפּעט
און ס'קרעכצט אַלץ נאָך מײַן בעט:
עס שלאָפן לאַנג אַלע,
נאָר מיר וואַכן צווייען...

# אין אַ נאַכט

וויינט דער שיכור אין דער נאַכט,
קלאָגט: עס פעלט אים ווייַן;
זיצט אַ גנב שטיל־פאַרטראַכט:
צופיל היינט לבנה־שייַן.

וויינט אַ מיידל איינזאַם־עלנט:
ס'איז איר בעטל קיל;
שילט און שפייַט אַן אַלטע זונה:
פרייד געהאַט צופיל.

זיצן ערגעץ גליק־באַרוישטע,
פילן גאָרנישט מער;
שלאָפט ניט וואו אַ גליק־פאַרשעמטע,
פאַלט פון אויג אַ טרער...

# מיט זיך

יעדער מענטש איז איינזאַם,
עלנט ווי אַ שטיין,
אין פאַרנאַכט דעם שטילן
הערט זיך זיין געוויין.

איבער וועגן רווישיקע,
שאַל און גרילץ אַרום,
שפּאַנט ער אום פאַרביטערט,
צאַרנדיק און שטום.

און איבער גאַסן פריילעכע,
העל מיט זון באַשיינט,
בלאָנדזשעט ער און בעט זיך:
זייט מיר ווער אַ פריינט!...

# שטומע

הערצער טראָגן ווייטאָג,
הערצער טראָגן ליידן —
יאָרן־לאַנג פֿאַרשלאָסענע,
יאָרן־לאַנג נישט־ריידן.

הערצער טראָגן צער,
שטילע, בלאַסע פֿריידן —
שטאַרבן־אָפּ אָן ווערטער,
נישט אַנטפּלעקט זייביידן.

הערצער ברויזן כּעס,
טראָגן שווער געפֿילן —
נאָר אַ וואָרט אַ פֿלאַמענדער
וואָלט געקאָנט זיי שטילן.

רייסן ווילד זיך ווערטער,
צאָרנדיקע, געשפּעטע —
בלייבן זיי פֿאַרשטיקטע,
קיינמאָל נישט גערעדטע...

* *
*

אַלע לידער אויסגעזונגען,
אַלע טענער אויסגעשעפּט,
אַלע קלאַנגען זיך צערונען,
ווי פון האַרצן אויסגעוועפּט.

און פאַרוואָרפן אין אַ ווינקל
ליגט די אַלטע פידל שטיל:
ס'שלאָפט אין פידל די נשמה,
ווען עס דרעמלט דאָס געפיל.

און אין האַרץ, וואָס פול מיט יאוש,
אינעם מידן, אינעם שווערן,
שטאַרבן אַלטע אָפּ געפילן,
לעשן יונג זיך אויס באַגערן...



איך בין געווען אַ פֿייער,
אַ גלוטיק־רויטע מאַכט,
אַ פֿלאַקערדיקער שייער
אין אַ זומער־נאַכט.

רויטע, ברייטע ימען
ווייט אַרום צעגאָסן,
און רויך־לאָקן אין פֿלאַמען
ברייט אַרום צעפֿלאָסן.

און איצט בין איך בלויז פֿונקען
אין האַרבסטיק־נאַסער נאַכט,
אין עלנטקייט געזונקען,
אָן שיין, אָן גלוט, אָן פּראַכט.

רעגן־טראָפּנס קאַפּען,
די פֿונקען לעשן אויס;
ענדלעך פֿאַלט אַ טראָפּן —
דעם לעצטן לעשט ער אויס...

* *
*

עס שטייען פּילע ביי מיין טיר,
און אַלע בעטלען גליק:
שענק אונדז כאָטש אַ טראָפּעלע,
וואַרף אונדז צו אַ בליק...

נאָר וואָס קען איך געבן דען,
אַז כ'האָב גאָרנישט אַליין:
קען דען שאָטן געבן ווען
אַן אויסגעדאַרטער בוים?...

צי ווייס דען ווער, ווי אָרעם כ'בין,
עלנט, שוואַך און קליין,
און וואָלט איך ניט געשעמט זיך נאָר —
געבעטלט וואָלט אַליין...

נאָר קיינער ווייס דעם ווייטאָג ניט,
דער צער — ער בלייבט אין מיר:
בעטלען אַלע ביי מיר גליק,
קלאַפּן אין מיין טיר...

* *
*

פֿאַרלאָשן איז דער פֿייער
פֿון דער ליבע אין מיין האַרצן,
פֿאַרשטעלט דער בלויער הימל
מיט אַ וואָלקן מיט אַ שוואַרצן —
און דאָס האַרץ איז קאַלט.
עס שטייט איצט דער מזבח
איינזאַם אין דעם פּוסטן היכל,
פֿאַרלאָרן האָט דער מאָרגן־שטראַל
זיין שעמעוודיקן שמייכל —
ס'איז מיין יוגנט אַלט.

אויסגעלאָשן איז דער לעצטער
פֿונק פֿון יוגנטלעכן לעבן,
און פֿאַרלאָשן ליגט אין אַש
דער ברען פֿון גלויבן און פֿון שטרעבן —
מיד איז יעדע לוסט.
פֿאַרצויגן האָט די ערד
אַ נאַכט אַ פֿינצטערע, אַ שטרענגע,
פֿאַרוואַנדלט איז דאָס לעבן
אין אַ תּפֿיסה אין אַ ענגע —
און אין האַרץ איז פּוסט.

* *
*

...און וויל איך פאַרברענען
מיין ווייטאָג, מיין פּיין,
אין קלאַנג פון באָקאַלן,
אין שוים פונעם וויין;
פאַרגעסן אַ ווײַלע
אָן לעבן און טויט
און שעפּן פון בעכער
א י י ן טראָפּן כאָטש פרייד — —

גיסט זיך דער וויין
אויף מיין האַרץ ווי אויף וואונדן,
אַזוי ווי עס וואָלט דאָרט
געשניטן אַ מעסער —
און אַנשטאָט צו ווערן
אַ ווײַלע פאַרשוואונדן,
פיל איך דעם ווייטאָג
נאָך שטאַרקער און גרעסער...

# דער אוצר

ב אַ ל אַ ד ע

געבלאָזן האָט אַ ווינטעלע,
געוויוט אויף ברייטע ימען,
געטריבן מיט די כוואַליעכלעך
אַ שיפעלע צוזאַמען.

געשוואומען איז דאָס שיפעלע,
געבלאָנדזשעט איבער וואַסער,
געזוכט פאַר זיך אַ שטעגעלע
אין טיפעניש אין נאַסער.

געזוכט אַ וועג דאָס שיפעלע,
דאָס טייערסטע פאַרטרויט איר:
געפירט מיט זיך דאָס שיפעלע
אַן אומשעצבאַרן אוצר.

געלעגן דאָרט אַ טאָוועלע
מיט מעשהלעך פאַרשריבן —
דערציילט זיי האָט די מאַמע נאָך,
פון קינדהייט מיר געבליבן.

געוועזן דאָרט אַ שמייכעלע
פון קינדערישע יאָרן,
און זאָגן פלעגט די מאַמע מיר,
אַז כ׳בין מיט אים געבאָרן.

געלעגן דאָרט אַ בינטעלע
פון יינגלשע רעיונות,
אַ גליקלעך-העלער שמייכעלע
פון גאָלדענע חלומות.

געפירט דאָס האָט דאָס שיפעלע,
געטראָגן איבער וואַסער,
געזוכט פאַר זיך אַ שטעגעלע
אין טיפעניש אין נאַסער.

געשוואומען איז דאָס שיפעלע
געטריבן פון די כוואַליעס,
עס האָט געשפּילט די זונעלע
זיך גאָלדיק מיט די פאַליעס.

עס הויבן זיך די כוואַליעכלעך
זיך שפּילנדיק און פאַלן,
עס קושט זיי ווייך די זונעלע
מיט אירע צאַרטע שטראַלן.

עס שטיפן זיך די כוואַליעכלעך
אין ים אין גרויסן, ברייטן,
און וויגן־אום דאָס שיפעלע
אין איין זייט און אין צווייטן.

און טראָגן זי, און טראָגן זי
אַלץ נענטער צו איר צילן,
און פירן זי, און פירן זי
אין וואַסער אינעם שטילן.

געווען איז דער הימל ריין,
אַ קלאָרער און אַ בלויער,
געזען, דאַכט זיך, קיין וואָלקנדל,
קיין פּינטעלע קיין גרויער.

געבלאָזן לייכט אַ ווינטעלע
מיט פרישקייט האָט מיט קילער,
געלעגן איז דער אויבערפלאַך
אַ רואיקער, אַ שטילער.

געשוואומען איז דאָס שיפעלע
געטראָגן פון די כוואַליעס,
געשפּילט האָט זיך די זונעלע
העל־גאָלדיק מיט די פאַליעס.

נאָר פּלוצלונג האָט דאָס ווינטעלע
גענומען בלאָזן ראַשער,
פאַרטרויערט זיך די זונעלע,
די שטראַלן אירע בלאַסער.

פאַרכמאַרעט האָט דער הימל זיך,
דער פריערדיקער בלויער,
באַוויזן האָט אַ וואָלקנדל
פון ווייטנס זיך אַ גרויער.

עס גלאַנצט שוין מער קיין זונעלע —
עס העלט שוין נאָר אַ פינטל,
עס ברויזט שוין מער קיין לופטעלע —
עס ציטערט גאָר אַ ווינטל.

און ווייטער אַלץ דאָס ווינטעלע
בלאָזט העפטיקער און ראַשער,
פאַרוויגט האָט זיך דאָס שיפעלע,
צעבלעזלט זיך דאָס וואַסער.

עס האָט שוין מער דער בייזער ים
קיין זון־גאָלדענע פאַליעס —
עס טראָגן זיך און יאָגן זיך
נאָר צאָרנדיקע כוואַליעס.

זיי טראָגן זיך און יאָגן זיך
אין אָפּגרונט אינעם טיפן,
ווי ס׳וואָלט אַ ווילדער שדים־קאָן
אין קאַראַהאָד דאָרט שטיפן.

און בייז האָט זיך דער ים צעשפּילט,
צערייצט זיך זיינע אינדן,
עס טראָגן ווילד די כוואַליעס זיך
אין יאָגן אין געשווינדן.

צעברומט האָט זיך דער ים איצט ווילד,
צעברויזט האָט ער דאָס וואַסער —
אָט לאָזט ער אוים צום שיפעלע
זיין גאַנצן ווילדן כעס ער.

אָט וואַרפט ער עס, אָט שטויסט ער עס
אין איין זייט און אין צווייטן,
עס צאַפּלט זיך דאָס שיפעלע
אין גרויסן ים אין ברייטן.

אָט וואַרפט ער עס צום וואָלקן צו
און שטויסט עס צו די גרונדן,
עס ווערט, דאַכט זיך, דאָס שיפעלע
אין אָפּגרונט באַלד פאַרשוואונדן.

עס טראָגן עס די כוואַליעס ווילד
און וואַרפן עס מיט צאָרן —
אָט-אָט וועט גיין דאָס שיפעלע
אין טיפעניש פאַרלאָרן.

עס קרעכצט-אָפּ שווער דאָס שיפעלע
פון דרייען פון געשווינדן,
עס טראָגן עס די כוואַליעס ווילד
אין אָפּגרונט אינעם בלינדן.

און לאַנג האָט זיך דאָס שיפעלע
געראַנגלט מיט די וועלן,
נאָר ניט געקענט דעם שטורעם-ים
אַ ווידערשטאַנד מער שטעלן.

צעבראָכן זיך דאָס שיפעלע,
צעשפּאָלטן זיך אויף טיילן,
צעפאַלן זיך אויף שטיקעלעך —
ווער קאָן זיי איבערציילן!

צעבראָכן זיך דאָס שיפעלע,
דאָס גוטע, דאָס געטרייע,
פאַרשלונגען האָט דער ים עס באַלד,
די כוואַליעס זיינע פרייע.

און שוצלאָז איז געבליבן איצט
דער אומשעצבאַרער אוצר,
געבליבן אָן אַ דעכעלע,
געבליבן אָן אַ שיצער.

פאַרשוואונדן איז דאָס שיפעלע
אין אָפּגרונט אינעם קאַלטן,
און ס׳האָט ניט וואו דער אוצר מער
פון שטורעם זיך באַהאַלטן.

עס דריקן שווער די כוואַליעס אָפּ
דאָס טאָוועלע דאָס קליינע
און שלעפּן־מיט אין טיפעניש
די מעשהלעך די שיינע.

און לאַנגזאַם־שווער דאָס טאָוועלע
אַליין טיפער איז געזונקען,
ביז ענדלעך האָט אין טיפעניש,
אין אָפּגרונט זיך דערטרונקען.

ניטאָ שוין מער דאָס טאָוועלע,
אויף אייביק שוין פאַרלאָרן,
פאַרשוואונדן גיך די מעשהלעך
פון קינדערישע יאָרן.

עס וועט זיי שוין די מאַמע מיר
דערציילן מער ניט קיינמאָל,
געגלאַנצט האָבן די אייגעלעך
מיט גלויבן נאָר בלויז איינמאָל.

ניטאָ שוין מער די מעשהלעך
פון קינדערישע יאָרן,
פאַרשוואונדן אין דער טיפעניש,
אויף אייביק שוין פאַרלאָרן.

געבליבן נאָר דאָס בינטעלע
פון קינדערשע רעיונות,
דער גליקלעך־העלער שמייכעלע
פון גאָלדענע חלומות.

פאַרטראָגן האָט אַ כוואַליע זיי
אויף אומבאַקאַנטע וועגן,
פאַרטראָגן זיי, פאַרוואָרפן זיי
אויף אומבאַקאַנטע ברעגן.

צו־שוואַך געוועזן, צו־לייכט געוועזן
פון שטורעם זיך צו ווערן,
צו־שוואַך געוועזן, צו־צאַרט געוועזן
דעם שטורעם־ים צו שטערן.

אויך זיי ביידן האָט דער ים
מער רואיק ניט געלאָזן:
ניט אויפגעהערט דער שטורעם־ווינט,
ניט אויפגעהערט צו בלאָזן.

געקומען באַלד אַ וואָלקנדל
אַ גרויער און אַ טריבער —
פאַרשוואונדן איז דער שמייכעלע,
דער קינדערישער, ליבער.

פאַרטריבן האָט דעם שמייכעלע
דער וואָלקנדל דער גרויער,
באַדעקט האָט זיך דאָס פּנים איצט
מיט צאָרן און מיט טרויער.

געבליבן די חלומות שוין,
רעיונות נאָר דאָס בינטל —
צעטריבן האָט זיי באַלד אָבער
אַ צאָרנדיקער ווינטל.

צעטריבן די חלומות ווייט,
צעשפּרייט אין אַלע זייטן —
געבליבן איז קיין איינער ניט
פאַר שפּעטערדיקע צייטן.

אַוועק, אַוועק די האָפענונג,
די וואונדערלעכע שיינע,
פאַרשוואונדן איז די זונען-וועלט
די קינדערישע ריינע.

פאַרשוואונדן איז דער קינדער-טרוים,
דער ווייכער און דער צאַרטער —
באַוויזן זיך אַ שמייכעלע
אַ ביטערער, אַ האַרטער...

אַזוי צעשטערט דער שטורעם-ים
האָט מיינע צאַרטע טרוימען,
צעבראָכן זיי, צעוואָרפן זיי
אין פרייע ווייטע רוימען.

צעזייט האָט זיי דאָס ווינטעלע,
צעשפּרייט אין אַלע זייטן,
געבליבן איז קיין איינער ניט
פאַר שפּעטערדיקע צייטן.

פֿאַרשוואונדן איז דאָס שיפֿעלע,
דער אוצר איז פֿאַרלאָרן —
געשטאָרבן איז דאָס מעשהלע
פֿון קינדערישע יאָרן.

* *
*

און שולדיק איז דער ים אין אַלץ,
דער ים און זיינע פֿאַליעס —
פֿאַרניכטעט האָט מיין אוצר ער
אין זיינע בייזע כוואַליעס...

# נירון־קיסר

## באלאדע

איך בין נירון־קיסר, אימפעראטאָר פון דער וועלט!

פאַר מיינע לײדן אומבאַגרײפלעכע,
פאַר מיינע ווייטאָגן אוממענטשלעכע —

פאַר מיין צעבראָכן גוף;

פאַר מיין געמיט צעשיטערטן,
פאַר מיין געדאַנק צעטרייסלטן —

פאַר מיין צעבראָכן גייסט;

פאַר מיינע נעכט די שלאָפלאָזע,
חלומות ווירבל־שרעקנדע,
און טעג צעבראָכן־מידע —

פאַר מיין צעבראָכן לעבן — —

היי, חילות, קלייבט צונויף
די גאַנצע מענטשהייט דאָ אהער,
און קנעט פון איר א י י ן מענטשן אוים
און כ׳צי פון שייד מיין שווערד ארויס
און האַק מיט איר
דעם קאָפּ
אים אָפּ. —

היי, חילות!

אָ, ווי פראַכטפול וועט עס זיין,
אַ בליץ אין שוואַרצקייט פון מיין פּיין,

ווען נעכט־חלומות שרעקלעכע
פון שריפות און הריגות,
פון הימלען ברענענדע און ימען בלוטיק־רויטע —
ניט קיין פיין פון נאכטן־שרעק
נאָך אַ טאָג אוממענטשלעך ליידן,
ניט קיין רייץ פון נערוון מידע
אין אַ נאכט פון אויפגערעגטן דרעמלען,
נאָר אין טאָג אין העלן, קלאָרן,
אין באַוואוסטזיין פון דער וואכקייט,
וועלן אָנצינדן מיין אויפגערייצטן מוח —
אויפן וואָר, אויפן וואָר — —

היי, חילות, קנעכט געטרייע!

קלייבט די שטעט אַלע צונויף,
פון גאָר דער וועלט אַלע צוזאמען,
און שפּאַרט צונויף אַלע אין איינער,
און קוועטשט צונויף אַלע ביינאַנדער,
און לייגט אַרום מיט נאַסע קנויטן
און באַגיסט מיט הייסן שוועבל,
און צינדט־אָן אין העלן פייער,
און צעבלאָזט אין רויטע צונגען —
זאָל זי אויפפלאַמען די וועלט די גאַנצע
אין אַ פלאַקער גלוטיק־רויטן! — —

און איך? —
אָ, פון מיין טראָן פון ברעג פון טיבער,
פון מיין שטול דער איינזאַם־הויכער,
וועל אַראָפּקוקן דערנידער.
און ווען ס׳וועלן שווארצע פלאַמען
איבער שטעט און לענדער טאַנצן,
בייסן, פרעסן אַלץ צוזאַמען,
ווי אַ שלאַנג מיט גרינקייט גלאַנצן;
און ווען ס׳וועלן רויט די הימלען

אויפפלאַמען אין אַ צעגליטן פייער —
פלאַקערן די גאַנצע וועלט וועט
ווי איין גרויסער פולער שייער;
און די מענטשן ווילד-משוגע
פון אוממענטשלעך ווילדער שרעק,
וועלן וואַרפן זיך אין פלאַמען
זוכנדיק דורך זיי אַ וועג —

אָ, ווי גליקלעך וועל איך זיין דאַן,
כאָטש איין טאָג אין פינצטער לעבן!
כאָטש איין אויגנבליק וועל קענען
קריצן שוימיק מיט די ציינער,
הירזשען פריידיק ווי אַ פערד
ביי דעם אומגליק פון דער וועלט — —
כאָטש איין אויגנבליק וועל קענען
זען מענטשן קאָרטשען זיך ווי איך
אין אוממענטשלעך פיין און וויטאָג —
און אין טיפסטער פרייד פון אומגליק,
פון דעם גרויזאַמסטן און נאַקעטסטן,
וועט מיין האַרץ די אומגעזעטיקטע
זיך כאָטש איין מאָל אפשר שטילן,
און כאָטש איין מאָל זיך באַפרידיקן — — —

אָ, איך אומגליקלעכער נירון-קיסר!...

* *
*

אַך, פֿאַרבלאָז איז מײַן לעבן
און אָרעם איז מײַן גײַסט,
נאָר צײַטנװײַז פֿון האַרצן
אַרױס אַ קרעכץ זיך רײַסט.

און יעדער קרעכץ רירט־אָן
אַ סטרונע אין מײַן פֿידל,
עס ציטערט־אױף די סטרונע
און שפּילט דאָן אױס אַ לידל.

און יעדן קרעכץ פֿאַרװאַנדלט
די פֿידל אין אַ קלאַנג,
דעריבער קלינגט דער ניגון
אַזױ פֿאַרטרױערט־באַנג...



צי ווייסט איר, וואָס אַ יעדעס וואָרט
פון מיין ליד באַטייט? —
עס איז אַ טרער, אַ הייסע טרער
פון אַ באַליידיקט קינד, וואָס וויינט...

צי ווייסט איר, וואָס אַ יעדער פערז
פון מיין ליד באַטייט? —
עס איז אַ טיף און היים געבעט
פון אַ פאַראורטיילטן אין פיין...

צי ווייסט איר, וואָס אַ יעדעס ליד
פון מיין בוך באַטייט? —
עס איז אַ הייסער אויסגעשריי
פון אַ טיפער וואונד, וואָס ברענט...

צי ווייסט איר, וואָס צוזאַמען זיי
דאָך אַלע דריקן אויס? —
עס איז אַ שטיל און נאָגנד וויי
פון אַ צעבראָכן הארץ, וואָס ליידט...

# לידער שטילע

אַך, לידער מיינע שטילע,
לידער מיינע שטומע,
פאַר קיינעם ניט באַקאַנטע,
פאַר קיינעם ניט אַנטפּלעקטע,
אין פערזן ניט באַפּוצטע,
מיט ווערטער ניט באַדעקטע —
אַך, לידער מיינע שטומע!
אין טיפן הארץ פאַרבאָרגן,
ווייט פון וועלט און שיין —
אַך, וויפל לייד אין אייך
און וויפל ווי און פּיין!

...צו־קאַלט דאָס וואָרט
פאַר מיינע הייסע וואונדן,
צו־ענג דאָס וואָרט
פאַר מיינע טיפע ליידן —
נאָר שווייגן שטיל אין זיך...

טיף אין האַרץ פאַרבאָרגן
פון דער וועלט און שיין,
טראָג איך שטיל מיין צער,
וויטאָג, לייד און פּיין.
קיינער זעט מיין טרויער,
קיינער שפּירט מיין ווי —
צי קען דען גאָר אַ צווייטער
ווען דען פילן זיי?

... בליען־אויף די ליידן,
ווי אין דאָרן־שטרויך די רויז,
וועבן פונעם צער
לידער האַרציקע זיך אויס.

נאָר שטומע זיינען זיי די לידער:
אַן פּערז, אַן וואָרט און אַן אַ קלאַנג —
און פרעמד בלייבט פאַר די מענטשן־זין
דעם מיטמענטשס טיפסטער וויי־געזאַנג.

אַך, לידער מיינע שטילע,
לידער מיינע שטומע!
פאַר קיינעם ניט באַקאַנטע,
פאַר קיינעם ניט אַנטפּלעקטע,
אין פערזן ניט באַפּוצטע,
מיט ווערטער ניט באַדעקטע —
אַך, לידער מיינע שטומע!
איך טראָג אייך טיף אין הארצן,
ווייט פון וועלט און שיין —
איך טראָג אַליין מיין צער,
איך לייד אַליין מיין פּיין...



...און טרעפט זיך אַמאָל ווען פאַרנאַכט:
דאָס האַרץ באַפאַלט פּלוצלונג אַ טרויער,
אַן איינזאַמקייטס־שרעק כאַפּט אַרום
און דריקט שווער און פּרעסט אומגעהויער;

און ס׳דאַכט זיך: דאָס האַרץ — אַט גייט־אויס עס
פאַרצווייפלט פון שווערע געפילן,
עס נאַגט דאָרט אָן אויפהער אַ בענקשאַפט
און דריקט שווער און וויל זיך ניט שטילן — —

און ס׳דאַכט זיך: דאָס האַרץ אַט צערייסט זיך,
עס ווילט זיך אַליין ווי צעפליקן,
עס פּייניקט אַ שרעקלעכער אומרו
און כ׳ווייס ניט מיט וואָס אים דערשטיקן —

איך נעם דאַן אַרויס מיינע בלעטלעך
מיט אַלטע פאַרשריבענע לידער,
און מיש זיי און בלעטער אַדורך זיי,
צום טויזנטסטן מאָל לייען ווידער.

איך בלעטער־דורך בלעטל נאָך בלעטל
און לייען מיט האַרץ און געפיל עס,
און שפּיר ווי עס פליסן די ווערטער
אַזוי ווי פון האַרציקע תּפילות.

אַזוי ווי פון תּפילות פון ווייכע,
וואָס היילן פון הערצער די וואונדן,
פון הערצער וואָס צאַפּלען פאַרצווייפלט —
דורך זיי ווערט דער אומרו פאַרשוואונדן.

און כ׳פיל, ווען איך בלעטער די בלעטלעך
פאַרשריבן מיט האַרציקע לידער,
דאָס האַרץ הויבט־אָן שטילער צו קלאַפּן
און דרעמלט אין רו איין אין מידער . . .

# אייביקייט

...און איז נאָר אַ טאָג שוין אַדורך,
רייסט-אויס זיך אַ בלעטל פון בוך —
פון בוך, וואָס הייסט לעבנס-לעגענדע.

און גייען חדשים אַוועק,
באַמערק איך אין אַנגסטלעכער שרעק:
עס זיינען געוואָרן די פעלדער אַלץ גרינער —
מיין ביכל ווערט אָבער אַלץ דינער און דינער,
און נאָענטער ווערט אַלץ די ענדע...

---

...און איז נאָר אַ טאָג שוין אַדורך,
שרייבט-איין זיך אַ בלעטל אין בוך —
אין בוך פול מיט ווערטלעכע לידער.
און גייען חדשים פאַרביי,
און כ׳זע ווי אויף ס׳ניי
אין בוך ווערן בלעטער פאַרשריבן,
טראַכט איך: דער טויט איז אַהינטער געבליבן —
דאָס לעבן געבאָרן ווערט ווידער...

# אין דער צוקונפט

...און קוק איך אין דער צוקונפט ווען אריין —
אין דער צוקונפט ווייט —
זע איך דאָרט אַ טויטן־וועלט
פול מיט שטילקייט און מיט טויט:
אין די זייטן ווייט און ברייט,
ווי אַ נעפּל אויסגעשפּרייט,
ציט זיך אַן אומענדלעך פעלד פון טויט —
אַן אומענדלעכעם בית־עולם פעלד.

און אַריבער דעם בית־עולם פעלד,
און אַריבער וועלט פון טויט,
הויך און מעכטיק צו דער זון,
צו די הימלען ווייט און ברייט,
שניידט אַדורך זיך מיין געזאַנג
ווי אַן אָדלער שטאָלץ און דרייסט,
ווי אַ פויגל מונטער־פריי —
צו די הימלען, צו דער זון
טראָגט זיך דורך מיין ליד.

---

און אַ מאָנומענט אַ שיינענדן,
ניט פון מאַרמאָר ניט פון שטיין,
האָב איך אויסגעקריצט פאַר זיך אַליין.
און מעגן וועלטן אונטערגיין,
חרוב ווערן און פאַרשווינדן,
וועט מיין ליד דאָך אייביק לעבן
און פון מיר אַן אָנדענק לאָזן
פאַר דער צוקונפט פאַר דער ווייטער...

# די האָפענונג

נאָך איז דאָס פייער אינעם האַרצן
אויסגעלאָשן ניט אינגאַנצן:
אין דער ווייטנס אויפן פאָן דעם שוואַרצן
זעט זיך העל אַ פונק נאָך גלאַנצן.

און אין וועג, דעם פינצטערן און שווערן,
אינעם לעבן פול מיט ביטערניש און סם,
לויכט דער פונק מיר ווי אַ שטערן,
גלעט דאָס האַרץ מיר ליב, ווי אַ שטילער פלאַם.

ווער ווייס?! אפשר וועט דער פונק נאָך זיך צעטליען
אין אַ העלן ווייטן פייער,
און אין האַרץ דעם מידן וועט צעגליען
נאָך אַ לעבן זיך אַ נייער...

# מיין בוך

געענדיקט איז מיין בוך
מיט לירישע געזאַנגען,
וואו כ'האָב געפילן אויסגעדריקט
אין מענטשלעך־נאַנטע קלאַנגען.

באַזונגען האָב איך בענקשאַפט, צער,
און האַרציק־ריינע ליבע,
פון טרוימען ט ע ג באַפליגלטע
און נ ע כ ט פאַרצווייפלט־טריבע.

און ווער ווייס?! אינעם לירישן געזאַנג
פון בענקשאַפט־אייביקער געפילן —
פיליכט וועט זיך אין זיי מיין האַרץ
דאָס אומבאַפרידיקטע דאָך שטילן...

# ווייטע ניגונים

וווייטע ניגונים פון יינגלשע יאָרן,
אין שעה׳ן פון ליידן געזונגען געוואָרן,
אין שעה׳ן פאַרנאַכטיקע, איינזאַמע, טריבע,
אין דורשטיקער בענקשאַפט נאָך גליק און נאָך ליבע.

איך ווייס ניט, צי ס׳האָט אין מיין ניגון געקילט זיך
דער הייסער באַגער און דאָס בענקען דערנעבן,
איך ווייס נאָר, אַז ס׳האָט אָפט מיין ווייטאָג געשטילט זיך,
און ס׳האָט מיר אַ ניגון אָפט רו אויך געגעבן.

און איצט, ווען עס זיינען שוין יאָרן אַריבער,
מיט זיי אויך צוזאַמען דער יינגלשער פיבער,
פיל הייליקע גלויבנס פאַרביטן געוואָרן
אויף תורות אויף נייע און נייע באַגריפן —
ווערט איר מיר דאָך בלייבן פאַרקריצט אין זכרון
און אייביק וועל טראָגן אין האַרץ אייך אין טיפן.

I

שיין און רייצנד איז דער זומער
אין זיין גלאַנץ און בונטע פאַרבן —
ווייך און רירנד איז דער הארבסט אויך
אין זיין בלאַסן, שטילן שטאַרבן...

עס פאַרציט די ערד אַ טרויער,
ווי אַ שאָטן — די פאַרנאַכטן:
נאָכן שטורעמדיקן זומער —
ווי זי וואָלט זיך איצט פאַרטראַכטן...

ס'האָט אַ שטילקייט זי באַהערשט איצט,
איבער לופט און ערד צעשפּרייט:
ס'בענקט דאָס לעבן איצט נאָך רוען —
מעג זיין שלאָף און מעג זיין טויט...

אויך דאָס האַרץ ווערט שטילער, קעלטער,
דריקט זיך איין און שליסט זיך צו:
עס שלאָפט־איין אין שטילער בענקשאַפט,
ווערט פאַרוויגט אין בלאַסער רו...

II

אינעם גאָרטן וועלקן בלומען:
אויסגעוועפּט פון זיי די פאַרבן —
יעדע איינע מיט אַ ציטער
גרייט זיך פאַרכטיק צו צו שטאַרבן.

ס׳באָדט זיך נאָך דער לעצטער אָטעם
אין קאָליר פון געל און רויט —
פאַרביק־שיין געווען דאָס לעבן,
הייליק־ריין איז אויך דער טויט...

III

עס שטייען דיביימער מידע פון זומער,
די שפּיצן פאַרברוינטע פון זוניקן פלאַם;
ס'הענגען די צווייגן שטילע און שטומע
פאַרטרונקען אין כוואַליעס פון פאַרבן א ים.

קיינעם עס ווילט זיך ניט פרייוויליק שטאַרבן,
מעג זיין די עלטער ווי איינזאַם און שווער —
האָבן די בלעטער געביטן די פאַרבן:
אפשר אַ סגולה אויף לעבן אויף מער...

שטייט ער דער וואַלד איצט אַ שטילער, אַ פרומער,
מיט שרעק אינעם הארצן און פאַרכטיק געפיל:
קאַלירפול געוועזן דאָס לעבן איז זומער —
טאָ זאָל אויך דער טויט זיין אַ פאַרביקע שפּיל...

IV

עס שטייט דער בוים אין מיטן פעלד
נאַקעט, הויל, אָן בלעטער מער —
ווי אויפן שלאַכט אָן אַלטער העלד,
נאָר אָן באַשיצונג, אָן געווער...

ער בליקט מיט יאוש אין דער זייט:
צי איז נאָך וואו פאַראַן אָן אָרט,
וואו ער זאָל קאָנען אויף אַ צייט
פון פייל זיין קאָפּ באַהאַלטן דאָרט...

אָבער דורך און דורך איז פעלד,
אומעטום איז וויסט און הויל —
און טרויעריק בלייבט דער אַלטער העלד,
עס נעמט אים דורך אַ קאַלטער גרויל...

V

ס׳גייט אַ רעגן... פויל און נאַס...
דער הימל כמאַרנע־גרוי...
שוואַרץ און בלאָטיק איז די גאַס,
די לופט באַהויכט מיט טוי.

אינעם גאָרטן שטאַרבן בלעטער,
אַלעביימער איינגעשלאָפן:
ס׳ליגן טויטע איצט די געטער
פון דעם מענטשנס טרוים און האָפן.

און אין שטוב איז שטום און פויל,
ס׳דריקט די שטילקייט ווי אַ בליי;
ס׳נאָגט דאָס האַרץ אַ שטילער גרויל:
וועט נאָך פרילינג זיין אויף ס׳ניי?...

VI

ווען עס טרעפט אַמאָל אין האַרבסט:
דורך די כמאַרנע גרויע טעג,
דורך די שווערע שוואַרצע וואָלקנס,
שניידט די זון זיך דורך אַ וועג —

דאַכט זיך דאַן, אַז וואָכן־לאַנג
וועט די זון די וועלט באַגליקן,
און צוריק מיט פויגל־קלאַנג
וועט זי אונדז דעם פרילינג שיקן.

איז עס אָבער ניט אויף לאַנג:
ווידער וואָלקנס, ווידער רעגן,
ווידער פוילט זיך אַלץ באַוועגן —
טוט עס דאַן אַזויפיל באַנג! — —

## VII

אין אַ נאַכט אַ שרעקלעכער,
אַ פינצטערער, אַ האַרבסטיקער,
האָט זיך צעוויינט דער ווינט.

אין די פענצטער־שויבן האַסטיק,
ציטערדיק און שראַטיק,
אַנגעקלאַפּט און אַנגעפּויקט,
ווי געוואָרנט וואָלט פאַר עפּעס,
און געריסן זיך מיט בייזקייט,
עקשנותדיק און איינגעשפּאַרט,
מיט אַ וויינענדיקן ברומען —
אין קוימען־לאָך און דאַך־פענצטער,
ווי וועלנדיק דורך זיי זיך ערגעץ־וואו אַדורכרייסן.

און אין יעדן שפּאַלט און שפּעלטעלע
אַריינגעריסן און אַרויסגעריסן זיך,
און אַוועקגעטראָגן ווייט זיך באַלד
און אין ווייטקייט זיך צעוויינט —
און געוויינט.

---

געוויינט האָט ער אויף ווייטע וועגן,
וואָס ציען זיך אָן סוף אין נאַכט ;
אויף בערגלעך עלנטע און וויסטע,
וואָס קוקן בלינד און שטאַר אַרויס
אין פינצטערניש אין טיפער ;
אויף פעלדער פּוסטע און פאַרוועלקטע,
פאַריתומטע, פון גאָט און מענטש פאַרלאָזטע ;
אויף וועלדער איינזאַמע און שטומע,
איינגעדריקטע טיף אין זיך, פאַרטאַיעטע ;
אויף הינט וואָס בלאָנקען היימלאָז אום —
און אויף זיך אַליין וואָס וואָגלט
און האָט קיין אָפּשטעל און קיין רו...

VIII

ווינט אַ הונט אין מיטן נאַכט,
קיינער ווייס — פאַר ווען, פאַר וואָס?
נאָר דער הונט אַליין, ער פילט,
ווי אין האַרץ נאָגט אַ פאַרדראָס.

ס'רוט לאַנג יעדער אין זיין בעט,
און עס שלאָפט די גאַנצע וועלט —
נאָר ער איינער שפּאַנט אַרום
אויפן רעגן און דער קעלט.

זיין געלעגער ווייט פאַררוקט
אינעם הויף דאָרט צווישן שמוץ,
נאָר אויך דעם זיך ניט פאַרגינט:
ער מוז היטן פרעמדע גוטס.

אָט אַזוי, סיי טאָג — סיי נאַכט,
שפּאַנט ער אום און קיינמאָל רוט:
— איז זיין פעל פון בלעך געמאַכט?
— איז זיין הינטיש בלוט קיין בלוט? — —

ווויינט אַ הונט אין מיטן נאַכט,
קיינער ווייס — פאַר ווען, פאַר וואָס?
ס'נאָגט אַ ווייטאָג טיף זיין האַרץ
און עס דריקט שווער אַ פאַרדראָס...

**IX**

דער ווינטער און דער האַרבסט — אבֿלים צוויי,
פאַרקלאָגטע נאָכן טויט פון יונגן ליבן זומער,
און וואו אַהין נאָר ס׳קומען ביידע זיי,
פאַרטראָגן זיי מיט זיך אַן אָבלדיקן אומער.

עס בלייבט אַלץ שטיל און איינגעהאַלטן־שטום,
און וואו נאָר אַ געלעכטער ווערט עס שנעל באַהאַלטן —
עס ווערט איעדער לוסטיק פּנים פרום
און צוגעדעקט מיט אַן ערנסט מיט אַ קאַלטן.

עס פאַלט וואו ערגעץ פון אַן אויג אַ טרער —
אַ צייכן פונעם מיטגעפיל צו פרעמדעליידן,
און ס׳דריקט די אומעטיקע שטילקייט שווער,
נאָר שווערער נאָך — די אָנוועזנהייט פון זיי ביידן.

און ווען עס גייען ענדלעך ביידע שטיל אַוועק —
אַט דער דאַזיקער פאַרקלאָגטער צווילינג —
פאַרשווינדט פון יעדערן דער טרויער און די שרעק,
און פון אַ יעדנס אויג שיינט אַרויס דער פרילינג...

X

ס׳שיינט די זון אין ווינטער אויך,
שאַפט אַ טאָג אַ שיינעם,
דאָך די שטראַלן — קאַלט און בלאַס —
וואַרעמען ניט קיינעם.

און פאַרנאַכט פאַרגייט זי נאָענט:
דאַכט זיך אַזוי גרויס און רויט! —
אין דער ווייטנס פלאַמען גליען,
דאָך איז אַלץ דאָ קאַלט און טויט...

# יתומים

פאָלקס־מאָטיוו

געשטאָרבן די מאַמע, די גוטע, געטרייע,
דער שטענדיקער זאָרגפולער היטער,
גענומען דער טאַטע אַ ווייב באַלד אַ נייע —
ווי שלעכט איז אונדז קינדער און ביטער...

געקומען דאָס ווייבל, אַ פרעמדע, אַ בייזע,
אָן מיטלייד, אָן גאָט גאָר אין הארצן —
פון פולינקע בעקלעך געוואָרן גיך לייזע,
די אייגלעך פאַרזוימטע אין שוואַרצן.
אַך, מוטער געטרייע! געוועזן ביסט אין פריידן

אַ גוטע, אַ ליבע, אין זאָרג אָן אַ שיעור —
שיק איצטער אַ הילף אויך אין אונדזערעליידן,
און נעם אונדז וואָס גיכער אין קבר צו דיר...

# שדים

## באַלאַדע

צו אַ יידן אין אַ שטוב
האָבן זיך פאַרקליבן שדים
און געגרינדעט דאָרט אַ „קלוב"
ביי דעם יידן אויפן בוידעם.

קומט די נאַכט איז שרעקלעך גאָר:
אַ געקלאַפּער אַזש אין הימל!
אַזאַ שרעקלעכער געטומל,
אַז עס שטעלן זיך די האָר...

דאַכט זיך שטיל, אינגאַנצן שטיל,
עס וועט נעמען שוין אַן עק!
דויערט אָבער גאָרניט פיל —
ווידער באַלד דיזעלבע־שרעק.

אָטאָ הערט זיך הינט ווי ס'בילן
און אַ מיידלש לאַכעריי,
באַלד דערהערט זיך כלי־זמר שפּילן
און אַ ברייט געטאַנצעריי...

אָטאָ יאָמערט דאָרט אַ קאַץ
ביטערלעך, ווי אַ קליין קינד,
פּלוצלונג ווערט דער גאַנצער פּלאַץ
ווידער פול מיט בייזע הינט...

אָט איז פינצטער און אָט ליכטיק,
אַזוי ליכטיק ווי אַ שרפה,
פּלוצלונג, ווי אַ מיידל ריכטיק,
שפּרינגט אַריין אַ מכשפה...

ס׳שטייט דערשראָקן, בלאַס, דער ייִד,
ס׳קלאַפּט אים צאָן אָן צאָן...
פּלוצלונג אין דער רעכטער מיט
אין דער ווייט פֿאַרקרייט אַ האָן — —

„קו־קע־רי־קו!" קרייט דער האָן,
און אָן עק איז צו דער שפּיל:
ס׳אַנטלויפֿן אַלע ווי איין קאָן
און עס ווערט באַלד שטיל.

שטיל און רואיק אויפֿן בוידעם,
מער קיין זכר פֿון קיין שדים —
נאָר שוין באַלד אויף מאָרגן ווידער
הערט דערזעלבער זיך גערודער...

# אינהאַלט:



## ערשטער טייל

## אין שטורמישע צייטן

### I — פון טעג אומפאַרגעסלעכע



### II — אין אויפשוואונג:



## צווייטער טייל

## אויף האַרטער ערד

### I — שטאָט:



### II — אין שווערע צייטן:

### III — „לידער פון נעכטן און היינט":



## דריטער טייל

# אין יוגנט־טעג

### I — אין טעמפּל:



### II — ביים ראַנד:



## פערטער טייל

# אין שווערע מינוטן



### I — אין אומעט און בענקשאַפט:



### II — אָן ליבע:



### III — אין טרויער:

IV — אין יאוש:



V — מיינע לידער:



VI — האַרבסט־מאָטיוון:



VII — פון אַן אַלטער וועלט: